# גאַוטשאָס

געווײלטע דערציילונגען

און בילדער

פון

## כאַוויער דע וויאַנאַ

איבערזעצט און אַרויסגעגעבן

פון

**י. אַקסענצאָוו**

925

ב ו ע נ א ס  א י י ר ע ס

# אינהאַלט:

# פונם איבערזעצער

די רייכע אוצרות פון דער שפאנישער און שפאניש־אמעריקא־נישער ליטעראטור זיינען ביז איצט — צוליב היסטארישע און אנדערע סיבות — געבליבן פארשלאסן פאר דעם אידישן לעזער (אף וויפיל מיר איז באקאנט, פארמאגן מיר אין אידיש נאר איין „דאן קיכאט"). נאר, אט האבן מיר שוין באדייטנדיקע אידישע קבוצים אין די שפאניש־ריידנדיקע לענדער, און עס איז געקומען די צייט צו עפענען א וועג פארן טויש פון די קולטורן, וואס קומען שוין אין נאענטער באריחרונג.

מאכנדיק דעם אנהויב מיט די שאפונגען פון איינעם פון די פאפולערסטע זיד־אמעריקאנער שריפטשטעלער, האב איך אינזינען געהאט, נישט נאר זייער ליטעראַרישן ווערט אליין, נאר אויך, די כאראקטעריסטישע טיפן און אמביענט, וואס זיי שילדערן אזוי מייסטערהאפט און אין וועלכן עס לעבן טויזנטער אידישע משפחות — אן אמביענט, גלייכצייטיק, דורכאוים א נייער פארן אידישן לעזער און א זייער אינטערעסאנטער מיט זיין ספעציפישן קאלאריט.

י. א.

# פּרימיטיוואַ

פּרימיטיוואַ האָט זיך אַליין נישט אָנגעהויבן צו דערקענען. ס'איז גאָר קיין ספק נישט, אַז מען האָט אים איבערגעאַנדערשט דעם כאַראַקטער, אים ווייבער געמאַכט, מיט חלב איינגעריבן און אים איינגעפּרעסט.

וואוהין איז אַוועק דער ברען פונ'ם גאַוטש און זיין אומגעצאַמטער מוט, וואָס האָבן נאָר פּלאַץ געהאַט אין דער געררוימיקער איינזאַמקייט פונ'ם סטעפּ?

וואו איז די ווילדע ליבע זיינע צו דער הערלעכקייט פון די לאַנדשאַפטן, צו דעם גלי פון די באַגינענס, צו דער כמורנעקייט פון די בערג, צו דעם סוד פון די וועלדער, צו דעם וואוט פון די שטראָמען?..

פּרימיטיוואַ האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין זיין אייגענער נשמה.

— מ'עט מוזן אויסזוכן דעם וועג, — האָט ער זיך געטראַכט. — געפינען דעם טויער, אדער איבערשניידן דעם „אַלאַמבּראַדאַ”.

אויסזוכן דעם וועג?.. יאָ; נאָר די זאַך איז, וואָס די נאַכט איז גאָר־נישט געווען אזוי פינסטער, נאָר וואָס ער האָט נישט געוואוסט, אַף וואָס פאַר א וועלט ער איז. נישט איבערן פעלד האָט זיך דער חושך צו־שפּרייט, נאָר ביי אים אין די געדאַנקען.

מיטאַמאָל האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן:

דאָס איז דערפאַר, ווייל איך גיי צופוס. לאָמיך נאָר קריגן א פערד צום רייטן און אָנהויבן צו פילן דעם דופט פון די גראָזן, וועל איך שוין ווערן לעבעדיקער.

ער האָט קיין פערד נישט געהאַט; ער האָט אויך קיין זאָטל נישט גע־

האָט; אפילו נישט קיין פּאַנטשע, נישט קיין לאַסע, נישט קיין מעסער, נישט קיין גאַרטל.

אַ פערד איז לייכט געווען צו באַקומען, עס וואָלט זיך וועד געפינען, וואָס זאָל אים אויסלייען אַ „מאַנעאַדאַר", און אויסערן שטעטל זענען אַרומגעגאַנגען די אויסגעמאַגערטע „מאַטונגאַס" פון די וועשינס. מיט איינעם פון די „מאַנטונגאַס" און מיט אַ „מאַנעאַדאַר" וואָלט ער שוין גאַנץ לייכט געפּאַקט אַ גוטן רייט־פערד אין אַ דערבייאיקער „עסטאַנסיע".

דאָס איז קיין פאַרברעך נישט.

דאָס געזעץ זאָגט, אַז יאָ: נאָר די געזעצן מאַכן די דאָקטוירים, וואָס ווייסן נישט וואָס עס הייסט רייטן אויף אַ פערד און פאַרשטייען נישט, אַז אַ גאַוטש אָן אַ פערד איז פונקט אַזוי ווי אַ פויגל אָן פליגלען.

נאָר אַ זאָטל!.. אַ זאָטל, דאָס וועט קיינער נישט געבן. בעטן אַנטלייען, זייענדיק זיכער, אַז ער וועט אים נישט אָפּגעבן צוריק, דאָס וואָלט הייסן אַ פּשוטע גנבה; און פּרימיטיווא, וואָס איז אָפּגעזעסן אַכט יאָר פאַר דער־מאַרדן אַ מענטשן, האָט אויפגעציטערט פאַר שאַנדע ביי דעם געדאַנק, אַז מען זאָל אים האַלטן פאַרשפּאַרט אַ פּאָר חדשים ווי אַ גנב.

ער האָט אָבער געמוזט אָננעמען אַ באַשלוס. ווען דער טייד צוגיסט זיך נעמען אפילו די מוילוואורפן שטעלן פיס, ווייט פונם פעלד אַרויס.

אויף דעם שטייגער האָט פּרימיטיווא רעזאָנירט, ווען ער האָט געענ־דיקט זיין וועטשערע אין אַ שמוציקן גאַסט־הויז, אין עק שטאָט. עס איז אים אָבער גאָרנישט איינגעפאַלן וואָס צו טאָן. און דאָס איז פאַרשטענדלעך: דאָס קליין צימערל, אַ פעסל, — כמעט אָן אַ שיין פון ליכט, — אַ הייל פון טיגערס: — עס האָט אויסגעפעלט רוים און לופט.

ער האָט באַצאָלט וואָס ער איז שולדיק געווען און איז אַרויס אויף דער גאַס .ער האָט זיך געלאָזט גיין סתם אַזוי, אָן אַ ריכטונג, איז אַרויס פון שטעטל און איז שוין געווען אין פעלד, וואָס האָט זיך דאָרט באַלד אָנגעהויבן. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך: ער האָט געהאַט גענוג צייט: קיי־נער איילט זיך נישט, ווען ער דאַרף איז ערגיץ נישט אָנקומען.

לאַנג איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, כמעט אַ דריי לעגוועס, און האָט שוין חשק געהאַט אומצוקערן זיך צוריק, נאָר דאָ האָט ער דערזען, איז

דעם האַלב טונקלען ליכט פון דער נאַכט, אַן אַנגעזאַטלט פערד, אײנגאַנצן אַף עטלעכע מעטער ווייט פון אים.

אויס נײַגעריקייט איז ער צוגעגאַנגען, דאָס פערד האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און האָט גאָרנישט געפּרואווט צו אַנטלויפן.

פּרימיטיוואָ האָט אים אַנגענומען פאַרן פּאַוואָד און האָט אים באַ־טראַכט.

גאָר אַ וואוילער „ראָסיזשאַ", פּעט און גלאַנציק: שטייט אַף מאָיס געווים... דער פּאַוואָד, ס'ציימעל, די קעפּלעך, די סינטשע, די שפּאָרן, אַלץ פון זילבער, דער גאַנצער קאָמפּלעקט אין אָרדנונג.

פּרימיטיוואָ האָט אַ טאָפּ געטאָן הינטערן זאָטל, האָט אופגעהויבן די פּעלכלעך, האָט געפונען די פּענטע, האָט זי אָפּגעבונדן און געפּענטעט דעם „ראָסיזשאַ", זיך ניט געבנדיק קיין רעכענונג פון דעם וואָס ער טוט. דער גאַוטש־אינסטינקט: אַן אַנגעזאַטלט פערד, און דערצו נאָך רייך געזאַטלט, האָט קיין רעכט נישט צו אַנטלויפן.

ס'איז אויך נישט לאָגיש, אַז אַ גוט פערדל, רייך געזאַטלט, זאָל אַרומ־שפּאַצירן אַליין נאָך נײַען דעם זייגער בײַנאַכט, הינטערן שטאָט.

פּרימיטיוואָ האָט זיך גענומען זוכן דעם באַלעבאָס פונם פערד, און עס האָט פיל נישט געדויערט, ווי ער האָט אים געפונען און דערקענט. ער איז געווען דאָרט דערבײַ, אויסגעצויגן אַף דער ערד, מיטן פּנים אַרופצו, אָן באַוועגונג.

אַ מאָרד?.. אַרונטערגעפאַלן פון פערד?..

ניין, פּשוט, אַ „פּעלודאָ", דאָן סאַנדאַליאָ לינאַרעס, אַ גוטבאַזיצער — אַן אַלמן, אַ גרויסער גביר, אַ גרויסער פּרויעניעגער, אַ גרויסער שפּילער און אַ גרויסער ליבהאָבער פונם ביטערן טראָפּן.

זעענדיק מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן, האָט פּרימיטיוואָ, נאָכדעם ווי ער האָט אַ קלײנע ווײַלע נאָכגעדיינקט, זיך אַנטשלאָסן: ער וועט נעמען דעם אַנגעזאַטלטן פערד און וועט אַוועק. שפּעטער, ווען זײַן מזל וועט זיך פאַרבעסערן — און דאָס מוז דאָך געשען, וועט ער אים דעם זאָטל אָפּגעבן צוריק. דעם פערד — נישט, יעדנפאַלס, וואָלט ער אַליין אים נאָך אַ בעסערן

געשיינקט. ער האָט זיך אופגעזעצט אפֿן פערד און איז אוועק פֿול מיט פרייד און האָפֿנונג.

עס האָט זיך אים געדאַכט, אז ער איז אופסניי געבוירן. פאַרטאָג שוין, זיצנדיק שטאָלץ אף זיין „פינגאַ‟, האָט ער זיך לוסטיק געטראָגן אין אַ שנעלן טראָט, פילנדיק ווי דאָס פריש ווינטעלע קיצלט אים דאָס פּנים, און אַ צופרידענער האָט ער זיין בליק געוואָרפן אף אַלע זייטן, באַטראַכ־טנדיק די פעלזן און בערגלעך, וואָס האָבן זיך קוים אָנגעזען אינם טומאַן. ער האָט כסדר אַלץ געהאַט פאַראויס דעם ברייטן האָריזאָנט, די לאַנדשאַפט האָט כסדר ארויסגערופן זכרונות פון אַמאָל, אַלטע ליבע זכרונות וועגן זאַכן, וואָס וועלן זיך שוין נישט צוריקקערן.

וואָסער מאכל קען זיין בעסער פון אַ „טשוראַסקאַ‟, אויסגעמישט מיט אַש? וואָסער געטראַנק קען זיך עס גלייכן צו דער באַ׳טעמ׳טער ביטערער מאַטע, אליין סערווירט, פאַרטאָג ביים פייער אין קיך און פאַרנאַכט אונ־טערן פליגל פון דער ראַנטשע?..

— קומענדיק אהיים, וועל איך ווידער זיין דאָס, וואָס איך בין געוועזן און וואָס איך דאַרף זיין — האָט דער גאַוטש געפּליסטערט.

נאָר די לופט פון פעלד, דער דופט פון די גראָזן, די איינזאַמקייט, די שטילקייט, די שלאָפנדיקע ראַנטשעס, אין אַ פּאָר פון וועלכע מען האָט אים מכבד געוועזן מיט אַ „ביטערע‟ און מיט אַ „אַסאַדאַ‟, דער ווייבער־גראַזטעפיך, וואָס האָט אים די קומענדיקע נאַכט געדינט אלס געלעגער, וואו ער איז איינגעשלאָפן קוקנדיק אף די שטערן און פאַרוויגט פונם לייכטן געמורמל פונם וואַסער — די אַלע זאַכן האָבן אים ניט געקענט צו־ריקגעבן זיין „איך‟.

ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרלוירן. אין תּפיסה, ווען מען האָט אים לייענען געלערנט .צו וואָס נוצט דאָס לייענען?.. קען מען דורך דעם בעסער רייטן אף אַ ווילדן פערד?.. בעסער „פאַרלאַטירן‟ אַן אָקס?.. בעסער מיטן מעסער פעכטן?..

עטלעכע טעג נאַכאַנאַנד האָט פּרימיטיוואַ געוואַנדערט איבער פעלדער, בערג און טאָלן, דורכגעשניטן טייכן און זומפן, אַלץ זוכנדיק זיין פאַרלוי־

רענעם „איד" און פילנדיק זיך ווי אין א פרעמדן לאנד, און האט מער נישט געפונען דעם געשמאק פון אמאל אין זיין היימישער ערד.

אין א פארנאכט איז ער אנגעקומען צו אן איינפארהויז און האט גע־בעטן נאכטלעגער. דער הויזווירט האט אים אופגענומען מיט פארדאכט, נאר נאכדעם ווי ער האט באטראכט דעם פרעכטיקן ארויספאר פון דעם יונג, האט ער אים געעפנט די טיר פון געשעפט.

ביי דער וועטשערע, האט ער אים דערקלערט די סיבה פון זיין אומצו־טרויען: אין דער געגנט האט זיך ארומגעדרייט „זיבנלעבנס", — דער שווארצער „זיבנלעבנס" — דער בארימטער באנדיט, מיט זיין גאנצער חברה. און די איינוואוינער האבן געלעבט אין איינע שרעק.

— און די פאליציי? — האט פרימיטיווא געפרעגט.

— די פאליציי האט מורא פאר אים!.. איר הערט: היינט אינדערפרי איז דא געווען דער קאמיסאר מיט פיר „מיליקאס"... דערציילט איך אים, אז „זיבנלעבנס" געפינט זיך איינער אליין ביי דער אלמנה פערעז אין ראנ־טשע, א האלבע לעגווע פון דאנען צו צפון, אינם ווינקל פונם א פ ע ר י א...

— איז וואס האט ער געטון, דער קאמיסאר? — האט דער גאסט א פרעג געטאן שטארק נייגעריק.

—וואס זאל ער טאן!.. ער האט ארייגעקערט זיין גלאז „כינעברא", האט געהייסן אנזאטלען דעם פערד און איז אוועק גלייך... צו דרום צו. זיי ציטערן דאך פאר „זיבנלעבנס", אז עם ווארפט זיי א קדחת!..

פרימיטיווא האט זיך פארטראכט אף א ווײַלע, נאכדעם האט ער א פרעג געטאן:

— וואלט איר באמת זיך געפרייט ווען אימיצער הרג'עט אוועק דעם „זיבנלעבנס?.."

— צי מיר וואלטן זיך געפרייט!.. ער איז דאך א פעסט פאר דער געגנט!..

דאס גאומשל האט אופמערקזאם אנגעקוקט דעם באלעבאס פון שטוב, און האט זיך אנגערופן:

— איך נעם זיך אונטער אים צו דער'הרג'ענען. אויב ער וועט מיך נישט טויטן, וועל איך שוין אים מאכן דעם טויט... נאר איך האב קיין געווער

נישט... פארלוירן ביים שפּילן... קענט איר מיר ניט אויסלייען אַ רעוואָלווער מיט אַ מעסער?..

דער הויזווירט האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און מיט אַ געוויסן חשד. פּרימיטיוואָ האָט פאַרשטאַנען די זאַך און האָט דערקלערט:

— הערט נאָר. עס וואונדערט אייך מיין אָנבאָט און איר האָט מורא פאַר עפּעס אַ שפּיצל. האָט קיין מורא נישט... גיט מיר דאָס געווער און אַ פּראָסטן זאַטל: איך לאָז אייך איבער מיין גאַנצן ארויספאַר־קאָמפּלעט פאַר אַ משכון... זייט איר איינשטימיק, איז גענוג אייך צו טאַשעווען און לאָמיר אונטערשניידן...

דער הויזווירט האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן; אָבער ער איז אויך געווען אַ גאַוטש; ער האָט נישט געוואוסט, נאָר ער האָט געהאַט אַ פאַרגעפיל, ער האָט זיך אָנגעשטויסן.

— איין רגע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן; און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַ רעוואָלווער און מיט אַ פאַקאָן.

—נאַט אייך, דאָס איז מיין געווער. דער פאַקאָן איז פון גוט געהאַרטעוועטן שטאָל און איז אָנגעשאַרפט ביז אַרוף... דער רעוואָלווער פאַרלירט נישט קיין שאָס און איז מער אייפעריק ווי אַ רייכע אַלמנה...

און האָט צוגעגעבן מיט שטאָלץ:

— איך וואָלט אים אַליין אויך געקענט דער׳הרג׳ענען; נאָר איך בין אַ רייכער מאַן, און ווען איך דער׳הרג׳ע אים... איר פאַרשטייט?..

— איך פאַרשטיי — האָט פּרימיטיוואָ געענטפערט, צונעמענדיק דאָס געווער.

נאַט אייך דאָס אויך, — האָט דער הויזווירט געזאָגט און האָט אים דערלאַנגט אַ שליסל.

— אַ?

— פאַרענדיק אַראָפּצו מיטן ברעג, נאָך דער אַלמנה׳ס ראַנטשע, איז פאַראַן אַ טויער פון מיינס אַ „פּאַטרערעלע״, וואו איך האָב אַ געקליבענעם טאַבון פערד... איך רעקאָמענדיר אייך איינעם אַ „פּיקאַסאָ״ מיט אַ ווייסן שטערנדל אויפן שטערן... ביז איצט האָט נאָך קיינער אים נישט געקענט איינמידן...

די צוויי פארשווינגען האבן זיך געדריקט די הענט. פרימיטיווא האט צו־ריק אנגעזאטלט זיין פערד און איז אוועק אין דער ריכטונג, וואו עס האט געוואוינט די אלמנה פערעז, אויסצוזוכן דעם באנדיט „זיבנלעבנס".

ער איז געווען אנטשלאסן אים צו טויטן אדער אליין געטויט ווערן. קיין אנדער מיטל איז נישט געווען. אפן וועג שוין, האט ער אויסגערופן אפן קול:

— איך בין פארבלענדט. איך מוז אימיצן דער'הרג'ענען, כדי צו באפרייען זיך פון דער פארבלענדעניש... טאקע גלייכער, וואס א באנדיט... נאכדעם... זאל שוין גאט און דעם שיינקערס „פיקאסא" מיין גורל באַ־שטימען!..



# די חורבה פון דער קרא

## I

ביים זוים פונם ברייטן און גראדן שליאך, אף א מאסיוון געשטעל פון קאלך און שטיין, ווייזט־אן א פירקאנטיקער, פון גראניט געהאקטער טאוול, די גרעניץ צווישן אורוגוואי און בראזיל. צען מעטער ווייטער צו צפון־צו, אויף א קליינעם פלאכן אפזאץ, וואס טיילט זיך אוים פונם בארג ווי א מין באלקאן, בליקנדיק צום טאל אראפ, וואו עס ריזלט זיך א וואסערל, איז איינגעפעסטיקט אן אלטע געביידע, מיט א נידעריקן אפדאך, מיט דיקע מויער־ווענט און פעסט־געקאוועטע קליינע פענצטער. דאס איז א ריאגראנדער „ווענדא".

די קראם גופא באשטייט פון א קליינעם פינצטערן חדר, וואו די פארשידנארטיקסטע מינים סחורות הויזן צוזאמען אויף די פארשימלטע פאליצעס, געבנדיק א געמיינעם באגריף וועגן פארנעם פונם געשעפט. נאר ווייטער, אין די דערבייאיקע צימערן און גאלפאנען, די בערג פון געטריקנטע פליישן און פעל, די גרויסע געפלאכטענע ראפטן, וואס בויגן זיך אונטער דער משא פון מויזעגנטער קעזן פון אלערליי פארמען און גרויס, און דער איבערפלום פון זארגפעלטיק געפאקעוועטע טיוקן, דערציילן פון אן איינגעפונדעוועט געשעפט־הויז, וואס איז פול מיט שפע, ווי א מוראשניק. די פינף וועגענער, וואס ברענען זיך אף דער זון ביים פאדער־הייף, העלפן מיט צו באפעסטיקן די דאזיקע השערה.

איך בין ערשט דעם פארנאכט געהאט אנגעקומען, און האב דארט געמוזט פארווײלן עטלעכע טעג צוליב א מסחר פון פי. און האב געהאט איינגעשלונגען פארן טאג א טוץ בראזילער „לעגוועס", וואס ציען זיך ווי

א הונט אנטקעגן זוז, און איך בין מיך געווען פון טראַטירן איבער וועגן, וואָס ביי די כסדרדיקע זומפּיקע בלאָטעס זייערע האָט מען געמוזט די שטיוול אַראָפּציען, און זיי דורכבראַדיען. די אויסגעמאַטערטקייט און דער שלאָף האָבן מיך פון די כחות דערשעפּט; און מאַכנדיק בקיצור מיט דער „פּעיזשואַדאַ״ און אָפּגעזאָטענעם רייז פון דער וועטשערע, האָב איך מיט פאַרגעניגן זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם צימערל, וואו מ'האָט פאַר מיר צוגע־גרייט אַ געלעגער, האָבנדיק אַ קאָטרע פון פעלעכלעך פאַר אַ בעט, פאַר אַ צודעק מיין פּאַנטשאָ, איבערן קאָפּ פולע גראַטקעס מיט קעזן און פאַר באַגלייטער — מייז און שטשורעס, וואָס האָבן ווי ס'זעט אויס, זיך געפּלאָ־דיעט דאָרט מחנות'וויַיז. געוואוינט צו אַזעלכע גאַסטפריינטלעכקייטן, האָב איך מיט פּילאָזאָפישער רואיקייט זיך אויסגעצויגן אויף דער קאָטרע, וואָס האָט געטרעשטשעט אונטער דער משא פון דער אַנגעזאָמלטער מיד־קייט אין צען שעה רייזע איבער די בראַזילער וועגן.

איך בין געשלאָפן, כ'ווייס נישט וויפיל צייט איך בין געשלאָפן, נאָר איך בין געשלאָפן. אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, מער צוליב די לעסטיקע געסט, וואָס האָבן מיר געביסן דאָס לייב, איידער פון גענוג שלאָפן, איז אין צימער געווען פינצטער. טאַפּנדיק, האָב איך געטראָפן צו דער טיר און האָב זי געוואָלט עפענען, נאָר זי איז געווען פאַרשלאָסן פון דרויסן. איך האָב אָנ־געצונדן אַ שוועבעלע, אַ קוק געטון אויפן זייגער און האָב געזען, ס'איז ערשט עטוואָס נאָך איינס. דאַן האָב איך געפּרואווט איינשלאָפן איבעראַנייס, נאָר אַ מאָדנער גערויש, וואָס איך האָב שוין געהאַט פריער געהערט דורכן שלאָף, האָט מיך וואַכענדיק געהאַלטן. ס'האָבן דערגרייכט צו מיר שטימען פון מענטשן, וואָס האָבן געשמועסט אין דער שטיל, און גלייכצייטיק האָב איך געהערט דומפּיקע קלעפּ פון דער זייט פונם פאָדערהויף. פאַראינטערעסירט מיט דעם דאָזיקן אומגעוויינלעכן אַרומשמייען, בין איך אַ היבשע ווײַלע וואַכענדיק געבליבן, ביז דער שלאָף האָט מיך ווידער באַזיגט.

די נאַכט איז פאַרביי און די זונען־שטראַלן האָבן זיך שטראָמענווייז אַריינגעריסן דורך די גרויסע שפּאַרינעס פון טיר, ווען איך האָב מיך ווידער אויפגעכאַפּט. איך האָב מיך אָנגעטון, האָב אַ פּרואוו געטון די קליאַמקע, און זעענדיק אַז די טיר איז איצט שוין געווען אָפן, בין איך אַרויס אין הויף

און בין אוועק אין אַלמאַסען, וואו איך האָב געטראָפן דעם הויזווירט מיט נאָך אייניקע פּאַרשוינען. בשעת מיר האָבן מאַטע געטרונקען, האָב איך געפּרואווט דערגיין די סיבה פונם ביינאַכטיקן האַרמידער. נאָר ביי די ערשטע ווערטער האָט מיך דער באַלעבאָס אָפּגעשטעלט. אַ זאָג טוענדיק אין אַזאַ טאָן, וואָס דערלאָזט נישט קיין שום דערווידערונג:

— פאַר נייען אַזייגער האָבן אַלע אין הויז געשלאָפן; דער הער האָט אַוואַדע גע׳חלומ׳ט מיט שדים.

איך האָב גאַרנישט געענטפערט, און אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר אָנגעזאַטלט די פערד, צו מאַכן אַ שפּאַציר איבערן קאַמפּ, וואָס דער באַלעבאָס האָט געהאַט אויף אורוגוואַיער טעריטאָריע. מיר זיינען אַריבער די ליניע און בעת מיר האָבן געריטן איבערן ברייטן גרעניץ־שליאַך, האָב איך אַלץ נאָכגעקוקט מיין באַגלייטער, וואָס האָט מיר אָנגעהויבן אויסזען ווי עפּעס אַ געהיימניספולער פּאַרשוין. זיין נאָמען איז געווען מ אַ נ ע ק אַ פ י־ל י פ ע פ י ג ע ר ע ד אַ און ער איז געווען אַ מאַן פון לערך אַ יאָר פופציק, אַ דיקער, אַ פעסטגעבויטער, אַ בייכיקער און מיט אַ קיילעכדיקן, גוטמוטיקן פּנים. ער האָט אָפט געשמייכלט אונטער די בלאָנדע וואָנסעס זיינע, און זיינע בלויע אויגן האָבן געהאַט אַ מילדן און רואיקן בליק. אין בלויזע העמד־אַרבל, שטייף געשטרעקט דער קערפּער אויף דעם „טאָרדיזשן" רייט־פערד, האָט ער אַלערליי מעשה׳ס מיר דערציילט, און איך האָב געשוויגן און פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען. אַן אָפענהאַרציקער, אַ מונטערער, אַ באַריידעוודיקער, האָט זיין פּלוידעריי לסוף צושטערט מיין פריערדיקע השערה, אַז ער האָט געמוזט זיין אַ ביטערער און געהיימניספולער פּאַרשוין. ער איז אַפילו געווען אַ ליבהאָבער פון ליטעראַטור; האָט מיר ציטירט אין זיין קאַפּריזנער שפּראַך פערזען פון אַ ב ר אַ און פון נ אַ נ ס אַ ל ע ז ד י אַ ז. אַ באַווייז פון זיין פּאַטעטישער נייגונג זענען געווען די נעמען וואָס ער האָט געגעבן זיינע טעכטער: די עלטסטע האָט געהייסן מ י מ אַ ז אַ, די צווייטע ל ו ס ע אַ ל אַ, די אינגסטע אַ י ר אַ ס ע נ אַ, — וואָס באַדייט אין גוואַראַני ל י פּ ן פ ו ן ה אַ נ י ק, — און זיין איינציקער זון — פּ ע ר י (ווילדער טראַסט), ווי דער אינדיער פון דער באַרימטער נאָוועלע פון כאָסע דע אַלענקאַר.

אראָפּנידערנדיק פון א לייכטן פעלזיקן שפּוע, זענען מיר אנגעקומען אין א טאָלכל, וואו עס האט זיך געפּאַשעט א קליינע טשערעדע; און אַרויפ־קלעטערנדיק ווידער אפן באַרג, האָב איך דערזען באַרג־אַראָפּצו א גרויסע חרוב'ע געביידע, אַרויסהויבנדיק זיך מיט גדלות איבער די ווײַסטע פעלזנבערג.

— די חורבה פון דער קרא — האט מיר מאָנעקאָ אנגעוויזן.

דאס איז געווען א פעסטע פיר־עקיקע געביידע, אַרומגענומען מיט א געדיכטן ווילדן צאַם פון סינאַ־סינאַס, טאַלאַס און קוויטענבוימער. די ווענט האבן ערטערוויַיז געוויזן די בלאַס־רויטע ציגל און ערטערווייז די טונקל־גרינע פלעקן פונם מאָך, וואָס האט זיך איינגעגעסן אינם טינק; די פענצטער זענען געווען פאַרביטן מיט שטיקער פאַרזשאַווערטן בלעך, און די איינ־ציקע פראָנטאַוונע טיר, פאַרשטעלט מיט אייזערנע פּלאַטן, צוגעשלאָגן מיט גראָבע טשוועקעס צו די קושאַקן. אינדערהויך האבן געגרינט די מויער־קרויטן, באַדעקנדיק אינגאַנצן דאס האַלב חרוב'ע טורעמל, וואס האט גע־שיצט דעם מזרח־ווינקל פונם דאַך. צופוסנס ביים טורם, וואו עס האבן נאָך געזען זיך די שויץ־נישעס, שטרעקט זיך מאַיעסטעטיש א הונדערט־יעריקער „וויראַראָ", א גראָער, א צושויבערטער, נאָר שלאַנק און שטאָלץ מיט זיין גאַנצער העסלעכקייט, האט ער ווי פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם רואיקן אונטערגאַנג פון א הערשנדיקער ראַסע. די גראָז און דערנער האבן אנגעשפּאַרט ביז צו די ווענט, א סימן, אז קיינער האט נישט באַזוכט די סודות'פולע חורבה, וואס האט זיך געשוואַרצט אינם רייכן פּרימאַרנז־שימער, א שווייגנדיקע און שרעקנדיקע, אויף דעם הייטערן שטח פון דעם פאַרלאָזטן ישוב. און כדי נאָך מער צו באַטאָנען איר פאַרשאָלטענעם אויסזען, איז א געמיינע קרא געשטאַנען אפן שפּיץ פונם טורם, מיט טרויע־ריק אַראָפּגעלאָזטע פליגל, פאַרשטאַרט די ווייסלעכע פיסלעך און אַראָפּ־געזונקען דער פליכוואַטער קאָפּ. פונדערווייטנס, האט מען צוליב איר פאַר־גליווערטקייט זי געקענט אננעמען פאַר א שטיק אָרנאַמענט פונם הויז.

אזוי ווי איך בין שטיין געבליבן, אַרויסווייזנדיק מיין וואונש צו באַ־טראַכטן די חורבה פונדערנאָענט, האט מיך מיין באַגלייטער שטריינג אויס־גע'מוסר'ט: פאַרט ווייטער, פאַרט; ס'קומט קיין גוטס נישט אַרויס, אז

מ׳קריכט צו דער חורבה.

איך האב אים געפאלגט נישט גערן, און ווען מיר זיינען שוין געווען אויף א היבשן מהלך, האט מאנעקא פיליפע זיך אנגערופן נאך אלץ מיט דעם זעלביקן שטרענגן טאן:

— די חורבה פון דער קרא: e una casa enfeitada. (דאס איז א פאר׳כשופ׳ט הויז).

— וואס איז עס? — האב איך געפרעגט.

— א פאר׳כשופ׳ט הויז. דאס איז א גאנצע היסטאריע — און אזוי ווי אלע בראזילער, אפילו די וואס קענען, פונקט ווי מיין באנלייטער, גוט ריידן שפאניש, מוזן אנקומען צו זייער אייגענער שפראך פאר העכסט־גראדיקע אויסדרוקן — האט ער באלד צוגעגעבן:

— Una historia terrivel, asustadora!

און האט אויסגעצויגן די לעצטע צוויי זילבן מיט א סטראשנעם דעמ־פיקן קול.

תיכף נאכדעם — און עס איז אפילו נישט נויטיק געווען פון מיין זייט, אז איך זאל אים בעטן, — האט ער זיך גענומען דערציילן מיר די שרעקלעכע אווענטורע, וואס ער האט געהערט, האט ער מיר געזאגט, פון לאנסאסעקא׳ס מויל אליין — דער איינציקער וואס איז ארוים מיטן לעבן פון דער קאטאסטראפע. די געשיכטע איז געווען מער־ווייניקער אט אזוי:

II.

מיט דרייסיק יאר צוריק איז בארימט געווען אין די גרעניץ־ישובים דער רויבער מיט דער לאנגער גאלדענער פאטלע און בלויע אויגן, פאנטא־לעאן עסקאבאר. א קאנטראבאנדיסט געווען און א שפילער, און דורך אים זיינען א סך טרערן פארגאסן געווארן אין די ארימע „ראנטשעס" פון די בערג און א סך צלמ׳ס זיינען אויסגעוואקסן אף די רייכע לאנקעס פון די טאלן.

ער איז געווען אי הויכמוטיק, אי פרעך: וואס מער „פאטרא" איינער איז געווען, אלץ שטארקער איז ער אים געווען געפעלן, און צו פרויען האט

ער זיך באַצויגן מיט פאַרעכטלעכן רחמנות, אַזוי ווי א גאַוטש צו אַ „זשעגווע". דאָס פאַרבּרעכן איז געווען זיין איינציקער פריינט וואָס האָט אים שטענדיק באַגלייט אַן פּאַרוואָרפן, האָבנדיק צוגעפּאַסט זיין אופפי־רונג צו דעם דאָזיקן באַליבסטן כלל זיינעם: „אויב דאָס מעסער האָט אַ שאַרף, איז עס צום שניידן". און ווי נאָך פלעגט ער זאָגן: די וועלט איז אַ גרויסע סטאַדע פי, וואו עס איז פאַראַן מאַגערס און פעטס, האַרטעס און צאַרטעס; און ווייַ דעם שלעכטן רייטער, וואָס קלייבט אָפּ אַ מידע, פאַריאָגטע רינד און עסט פאַרשוימטע נבלה־פלייש... די בהמות — פלעגט ער צוגעבּן מיט אַ שמייכעלע — זענען באַשאַפן געוואָרן פון גאָט, און די „מאַרקעס" האָבּן אויסגעטראַכט די מענטשן: מיין „פאַקאַן" איז מיין מאַרקע און מיין אייגנטום־שיין.

מ'פלעגט שטאַרק מורא האָבּן פאַר דעם פאַנטלעאַן עסקאַבּאַר, נאָר מ'האָט אים אויך געשעצט, ווארום, סוף כל סוף, אויב ער האָט אימיצן דערהאַרגעט, האָט ער נישט דערהאַרגעט מיט קיין גיפט, ווי די שלענג און די מאַגנאַטן, נישט מיט קיין כיטרע שפּיצלעך, ווי דער פוקס און די פרוי. ער איז געווען אַ „מאַטשאָ", פאַנטאַלעאַן עסקאַבּאַר.

אין אַ שענעם טאָג איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן. דער ישוב האָט אָבּער מיט זיין פאַרשווינדן גאָרנישט געוואונען: אַז דער אַדלער פליט אוועק, קומען די „קאַראַנטשאָס" און די שייפעלעך ווערן פאַרצוקט אַלץ איינס.

ס'איז אוועק אַ צייט. אין אַ טאָג פאַלט אַראָפּ אפן ישוב אַן אַלטער מאַן, מיט אַ בייזן פּנים, וואָס האָט זיך אימפּאָנירט מיטן האַרטן בּליק פון זיין איינציגן אויג. ער האָט אָפּגעקויפט דעם גוט „זשאַגוואַרי", האָט אויפ־געשטעלט אויפן שפּיץ באַרג די פעסטונג, וואָס האָט אים געזאָלט דינען פאַר אַ נעסט. ער האָט זיך געלאָזט רופן מיטן נאָמען פ ע ד ר אָ ד ע נ י ס, און כאָטש פילע האָבּן אויסגעפונען אין די שטריכן פון זיין געזיכט אַן ענלעכקייט צו די שטריכן פון דעם באַרימטן באַנדיט מיט דער גאָלדענער פאַטלע און בּלויע אויגן, האָט קיינער פונדעסטוועגן נישט געוואָגט אין זיין אַנוועזנהייט דאָס צו ברייגנען אף די ליפּן. מיט דעם פאַרלויף פון יאָרן האָט דער אַנדיינק פונם גאַוטש, מיט דעם ווייכן געזיכט ווי אַ קאָמאַלאָטן־בּלאַט און האַרטער נשמה ווי אַ שלייפשטיין, געלעבּט אין דער פאַנטאַזיע פון די איינוואוינער און געגליט אין שווערע קאָשמאַרן.

וואס עס האט זיך געטון אינווייניק אין הויז, איז געווען א סוד. די פעסטונג איז געווען געשלאסן ווי א וועספן־צעל און דער נייגער פון די ארומיקע האט זיך פארהאלטן ביי די שטעכיקע צאמען. דעם באלעבאס האט מען געהאלטן פאר א מין חיה, וואס מ'דארף מיט איר זיין פארזיכטיק און זיך האלטן פונדערווייטנס, און די פיר „פעאנעס" פונם גוט — מענטשן אומבאקאנטע, פון דער ווייט געקומענע — האבן געהאט גארנישט קיין פריינטלעכן אויסזען און האבן זיך געהאלטן ווילד ווי די „אגווארסן" און זענען געווען הארט ווי דער קארק פון א בוהאי.

ס'האט קיינמאל קיינער נישט געוואוסט ווי אזוי מען לעבט דארט אין דער עסטאנסיע „זשאגווארי", ס'האט קיינמאל קיינער נישט געוואוסט וואו פעדרא דענים האט פארקויפט, נישט וואו ער האט געקויפט. ער האט נישט געבעטן, נישט געגעבן קיין „ראדעא" און זיין סקאט איז באשטאנען פון א געמיש פון פרעמדע, פאר אלעמען אומבאקאנטע „מארקעס". די דאזיקע אפגעזונדערטקייט האט, געוויינלעך, ארויסגערופן די אומגעלומפערסטע לעגענדן, די לעכערלעכסטע השערות, ווען וואס מען האט זיך געשושקעט ביים טונקעלן שיין אין ראד ארום פייער.

דאס לעבן אינם הויז איז זיך אבער געגאנגען רואיק, אן א סימן פון עטוואס אויסערגעוויינלעכעס.

אלע נאכט, נאך דער ארבעט, פלעגן די באוואוינער פונם הויז זיך פארזאמלען אין דער גרויסער קיך, טרינקענדיק א ביטערע מאטע, אין דער צייט וואס עס האט זיך געברוינט דער „אסאדא".

פינף זענען זיי געווען. דער באלעבאס, א קליין מיידעלע און דריי פעאנעס — פארשווינגען מיט נעגעל. — און מ א ט ו ק א, א נעגער. מאטוקא איז שוין געווען א זקן, נאר גרויס און קרעפטיק און האט געהאט א פירכטערלעכן אויסזען צווישן זיינע פירכטערלעכע חברים פון דער באהעלטעניש. אלע האבן זיי ווייניק גערעדט, און ער נאך ווייניקער, און אז ער האט גערעדט האט מען נישט געקענט זאגן אז ער רעדט, נאר ער ברילט. זיצנדיק אויף א סעיבא־קלאץ ביים פייער, מיט די פיס פארלייגט „אין א פיר", אויסגעבויגן דעם רוקן, פארגליווערט אין א פאזע פון א רוענדיקער חיה, האט ער ארויסגערופן צו זיך א געפיל פון ערפורכט. ביים פלאם פון אויוון

האבן נאך רויטער אויסגעזען זיינע מיט בלוט־פארלאפענע אויגעלער און נאך פורכטזאמער זיין קליינער קאלטענעוואטער קאפ מיטן שמאלן שטערן, און נאך סטראשנער זיינע סטראשנע קינבאקן פון א גרויסער בלוטדורשטיקער חיה. א פינסטערער פארשוין איז ער געווען, מאטוקא. די איבעריקע זענען געווען, ס׳איז קיין ספק נישט, שלעכטע מענטשן; נאר מאטוקא איז אויך געווען אן אומעטיקער, און ווען א שלעכטער מענש איז אומעטיק אויך, איז ער צוויי מאל שלעכט.

בשעת די דריי פעאנעס האבן געשמועסט פון אמאליקע אווענטורעס, איז מאטוקא געזעסן ווי פארגראבן אין זיך, ארויסרופנדיק זכרונות פון זיין ווייטער יוגנט, דארט אין די צושויבערטע וועלדער פון „סאנטא מאריא דא ראקא דא מאנטע", וואו די זון זשמורעט די אויגן אראפקוקנדיק אויף דעם גרינעם סאמעט פון די טאלן, און וואו די שטורם־ווינטן ווערן פארהאלטן פון סקוואדראנען פון מאליען־ביימער, טאלאס, קאראניליען און גוואזשוביראס. ווען דער באלעבאס איז דארט מיט זיי, זעט מאטוקא אויס רואיק, ווי באפרייט פון א גרויסער פאראנטווארטלעכ־קייט, און פארגעסט זיך אפילו אין זיינע רירנדיקע יוגנט־זכרונות, פון יענער צייט ווען ער האט געפאנגען קוראפאטקעס מיט א פאסטקע און מיטן „פאקאן" אין האנט זיך געראנגלט מיט די פומעס אינם שאטן פון געדיכטן וואלד, אדער האט פלינק אויסגעמיטן די „זשאקארעסן" צווישן די קאמאלאטן פון די באוואקסענע ברעגן פונם פ י ר א י. דענסטמאל האט כמעט א גוטער שמייכל קוים מערקבאר אויפגעציטערט זיינע טונקל־בלויע ליפן. נאר איז דער איינאויגיקער אוועק אין זיינע אינוויי־ניקסטע חדרים, פלעגט מאטוקא ווידער אופברויזן פון רציחה, און לסוף פלעגט ער זיך אויך אופהויבן און אים נאכגיין.

דארט פלעגן זיך באגעגענען און צוזאמענשטויסן, זיך נישט פאר־וואונדנדיק, וויילביידע זיינען געווען פון גוט געהארטעוועטן שטאל, דער בליק פונם פאטראנס בלויען אויג און דער בליק פון די שווארצע אויגן פונם אמאליקן קנעכט. די דאזיקע בליקן האבן זיך באגעגנט הונדערטער מאל און האבן שטענדיק גערעדט פון איין און דער זעלביקער זאך. מאטוקא האט זיך דארט געפארעט, איבערגעשטעלט א שטיק מעבל, זיך גע׳עסק׳ט

ארום א טיר, נאר שטענדיק געהאלטן איין אויג אפן באלעבאס און דעם אנדערן אויג אויף כ א ס י נ ט א ׳ן.

III

און איצט איז צייט צו באקאנען זיך מיט דעם פינפטן איינוואוינער פון הויז: מיט כאסינטא׳ן. דאס איז געווען א קליין מיידל. צוועלף יאר אלט העכסטנס, נאר שיין, — א, ווי שיין! — ווי די שענסטע וואלד־בלום. עטוואס נידעריק, עטוואס דיקלעך, נאר א בלאנדינקע, אן עכטע בלאנדינקע און ווייס ווי סמעטענע. און די אויגן — בלוי, און די ליפן — ווי א נעסטעלע, און א נעזל פון א מולאטן, און... א שיין מיידעלע, א שיינס!...

מאטוקא פלעגט זיך וויפיל מאל פארטראכטן, און בעתן טראכטן פלעגט ער זיך זאגן: לאמיר נאר זען, צו וואס? און טאקע: צו וואס?.. דאס פארמיידן? ווי אזוי קען ער דאס פארמיידן און, אגב, וואס ארט עס אים, מאטוקא׳ן, אז אן אנדערער וועט געניסן פון א פרי, וואס איז סיי ווי ניט פאר זיין גומען, וואס אים האט זיך אפילו נישט געגלוסט?.. דאס טראכטנדיק האט מאטוקא אויסגעפונען, אז ער איז א שוטה, און עס האט אים אנגעכאפט א כעס.

— ¡Si eu qudese !.. — פלעגט ער מורמלען.

נאר ער האט נישט געקענט. אויף זיין גראבער הויט פון א היפאפאטאם האט ער נאך געהאט די שראמען פון דער בייטש פון זיין אמאליקן באזיצער, וואס האט ארופגעצוואונגען אויף אים זיין פארשוואונדענעם ווילן. קיין גוטער איז ער נישט געווען, א, ניין! ער איז קיין גוטער נישט געווען. נישט אפילו ווען עס האבן אים געכאפט בויכקרעמפן נאך א צורפעטן אסאדא, געגעסן אן „פאריניא״, האט אים ניט געמוטשעט דער אנדינק פון זיינע אומצייליקע מארדן. ער איז נישט געווען קיין גוטער, נאר...

א מאדנע חיה, דער מענטש!.. די מענטשן וואס זיי האבן דערמארדעט און בארויבט, אט דער מ א ט ו ק א, איז חברותא מיט דעם עסקאבאר — ניין, עסקאבאר איז געווען אמאל — מיט דעם דענים און זיין רויבער־באנדע! איינמאל, אין אב ר א ה א נ ד א, איז צווישן די הרוגים געפאלן א פרוי אויף דער צייט: „לאנסאסעקא״ האט איר געעפנט דעם בויך

און האט ארויסגענומען א לעבעדיקן דעם „באַקאַראַי" און האט אים א וואַרף געטון צו מאַטוקאַ'ן, זיך אנרופנדיק:

— נאַ דיר א שטיק דרויב, שווארצער.

און מאַטוקאַ האט אים אין דער לופטן אופגעכאַפּט אַפן „פאַקאַן", אפענטפערנדיק:

— Claváo y venga a prata! (*

און תיכף אוועקגעשליידערט דאַס אומנוצלעכע שטיק פארבלוטיקט פלייש:

— בן־פקוע אַן פאַטראַוועס טויג צו גארנישט — האט ער דערביי א זאַג געטון.

און האט אפגעווישט דעם פאַקאַן אַן די שטיוול.

ניין ער איז קיין גוטער נישט געווען. ער אליין האט נישט געוואוסט פארוואַס ער האט זיך שיר נישט געשלאָגן מיט זיינע קאַמאַראַדן, אַז זיי זאָלן נישט דערהארגענען דער קליינער כאַסינטאַ בעתן איבערפאַל אויף דער עסטאַנסיע „דאַס קאַראַגוּאַטאַס"; נישט פארוואַס ער האט זי מיטגענומען מיט זיך, איינגעוויקלט אין זיין פאַנטשאָ, צו פארהיטן זי פון דער נאַכטיקער קעלט; ניט פארוואַס ער האט זי געהאַלטן אונטער זיין ארעם, בעת ער איז געשוואומען, שניידנדיק דעם אימפּעטיקן שטראָם פונם א י ־ ט ו ס א י נ ג א אונטער א האָגל פון קוילן פון די ברעגיקע פאַליציסטן.

ער האט זי געהאדעוועט, ער האט מיט איר צו טון געהאט אין זיינע יאַגענישן, און ער האט זי ליב געהאַט, נישט גראָדע ווי אן אייגן קינד — מאַטוקאַ'ס א קינד! מאַטוקאַ! מאַטוקאַ מיט א קינד! — נאָר ווי זיינע א זאַך, ווי זיינע אייזערנע שפּאָרן, למשל, וואָס עס איז געווען מיאוס צו קוקן אויף זיי און וואָס האָבן אים די פיס צוקאַליעטשעט. נאָר זיי זיינען געווען זיינע און ער האט זיי דערפאַר ליב געהאַט.

דער הויפּטמאַן האט זיך אין אנהויב געהאַט אנגעברוגזט.

—אין רויבעריי מיט א שקאַפּקעלע?—האט ער געפרעגט.—ס'איז פונקט

*) פונקט געטראָפן און ארויס מיט געלט!

דאָס אייגענע, ווי מען זאָל זיך אוועקלייגן שלאָפן ביי דער נאָרע פון אַ „לעטשוסע“.

מ אַ ט ו ק אַ האָט זיך אָבער פאַר׳עקשנ׳ט, און באַסינטאַ איז געוואַקסן ביי זיי, עסנדיק פעטע „אַסאַדאָס“ אַלע טאָג און יעדן טאָג פון אַן אַנדער סטאַדע.

נאָך לאַנגע אַרומבלאָנקעניש ביי בסדר׳דיקע געפאַרן, האָט דער הויפּטמאַן אין אַ שיינעם טאָג צונויפגענומען זיינע לייט און האָט זיי געזאָגט:

— איך האָב מיין אייגענעם קאַמף אין „זשאַגוואַרי“; מיר הויבן שוין אָן צו ווערן אַלט און מען מוז זוכן אַן אָנשפּאַר. ווער עס וויל גיין מיט מיר זאָל גיין, און די איבעריקע מעגן אַוועק וואוהין זיי ווילן. דער הימל איז גרויס און האָט נישט קיין „אַלאַמבראַדאָס“.

אויף אַ ווײַלע האָבן זיך אַלע פאַרטראַכט. דריי, וואָס זענען נאָך געווען יונג, האָבן זיך אָפּגעזאָגט, זיך אופגעזעצט אויף די פערד און אוועקגעריטן מיטן געדאַנק, אַז אין די ריאָ גראַנדער בערג און טאָלן האָבן זיי נאָך אַ ברייט פעלד צו באַרימט מאַכן זייערע נעמען. אַנדערע דריי האָבן געענטפערט דורך דעם מויל פון „לאַנסאַסעקאַ“, וואָס איז געווען דער בוואַטסקער צווישן זיי:

— קיין „באַנדאַ אָריענטאַל“?

— יאָ

— און די „פּאָלעסיאַ“?

— וואָס וועט די פּאָליציי זאָגן אַ מענטשן, וואָס באַזיצט פיר שטיקער עסטאַנסיעס און זעקס טויזענט פי.

— דאָס איז ריכטיק.

די דריי פאַרשוינענע האָבן מסכים געווען, און עס האָט זיך אָנגערופן מאַטוקאַ.

— און איך? — האָט ער געפרעגט.

— פון דיר רייד איך נישט, וואָרום אַז מען דערמאָנט אַ „לאָסע“ מוז זי געווים האָבן אַ שלייף, און דו ביסט פאַר מיר ווי דער שלייף פון אַ „לאָסע“.

— און די קליינע?

— נעם זי אויך מיט. מיין שטוב איז גרויס ווי אַ נעסט פון אַ „טשי־מאַנגאַ", און וואו ס'איז דאָ פּלאַץ פאַרן קאַפּעלוש איז אויך דאָ פּלאַץ פאַר די לייז.

און אַלע זיינען אוועק זיך באַזעצן אינם הויז, וואס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַפן העכסטן בערגל פון דער ווילדער געגנט.

IV

דריי יאָר האָבן זיי אַפּגעלעבט רואיק און צופרידן. באַלעבאָס און פּעאָנעס האָבן זיך איינפאַרשטאַנען אַפן בעסטן אופן, און עס איז געווען אַ גוט לעבן, אין רו און שפע, נאָך דער אַמאָליקער ארומבלאָנקעניש, ביי שטענדיקע געפאַרן. דער קאַמיסאַר, אַז ער פלעגט אַהין קומען, האָט ער זיך געפילט אביסל געפאַלן, ווייל נאָך אַלע זאַכן האָט ער דאָך גע־האַט דעם באַוואוסטזיין פון זיין נידעריקן שטאַנד, נאָר אַזוי ווי ער איז דאָך פאַרט געווען צווישן קאַלעגן, איז ער שוין געווען צופרידן.

דאָס דאָזיקע גן־עדן־לעבן איז אונטערגעבראָכן געוואָרן צוליב אַ געשעע־ניש, וואס מ'האָט זי פאַראויסגעזען נאָך מיט אַ צייט צוריק און וואס האָט, חוץ מאַטוקאַ'ן, קיינעם נישט געקימערט.

דער שעף פון דער באַנדע, וואס נישט קוקנדיק אויף זיין עלטער, איז ער אַלץ פאַרבליבן אַ פרויעניעגער, האָט געהאַט באַשלאָסן „אויסצו־האַדעווען" כאַסינטאַ'ן. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט אַ שוידערלעכע באַדייטונג צווישן די האַלב ווילדע לייט פונם קאַמפּ. „אויסהאַדעווען אַ מיידל", מיינט צו לאָזן זי וואַקסן אונטער אַ שטרענגער שמירה און זאָרגפעלטיקער אויפפּאַסונג, כדי „זי אַנצובייסן ווען זי וועט ווערן צייטיק, פּונקט אויף דער האָר, נישט צו גרין און נישט איבערגעצייטיקט". דאָס איז אַ בייזע המצאה פון דער פאַרדאָרבענקייט, וואס קען נאָר מעגלעך זיין אין דער שוואַרצער פינצטערניש פון אַ באַנדיטן־נשמה.

מאַטוקאַ האָט געוואוסט וועגן די אַפּזיכטן פון זיין שעף, אַזוי ווי אַלע אינם גרויסן הויז פון זשאַגוואַרי האָבן געוואוסט פון זיי. דער זאַגענאַנטער קרבן אריינגערעכנט. ער האָט עס געוואוסט און האָט נישט געהאַט קיין

ספקות, נישט ער האט געהאלטען פאר מעגלעך צו טאן עטוואס אזעלכעס, וואס זאל אימשטאנד זיין אפצואווענדן די אנטשיידונג פונם שיקזאל און נישט דערלאזן צו דער דאזיקער נידערטרעכטיקייט. פילמאל, פארכאפט פון אנגסטן, וואס האבן אים געערגערט, ווייל ער האט זיי געהאלטן פאר נאריש, צוליב זייער אויבנאופיקער אומנוצלעכקייט, פלעגט ער זיך פרעגן: „אז דער מאמענט וועט קומען, וועל איך מיך אנטקעגנשטעלן?" און דער ענטפער, וואס ער האט זיך אליין געגעבן, אויס געוואוינהייט צו אונטערווארפן זיך דעמיעניקן, וואס האט אים איבערגעשטיגן אין מוט, אין דורכגעטריבענקייט, אין אכזריות און אין מאכט, איז געווען א נעגאטיווער.

ניין; ער וועט זיך נישט אנטקעגנשטעלן; ער האט נישט געקענט זיך אנטקעגנשטעלן; דאס פארברעכן האט געמוזט געשען. דערווייל האט ער געלעבט אין שטענדיקע אנגסטן און געווארט אויף דעם שרעקלעכן סוף.

און דער סוף האט באדארפט קומען אין א העלן פרילינג־טאג, אין וועלכן די קנאספן פון די ביימער און די קרוינען פון די בלומען האבן ווי צוגאסן אין דער ווארימער לופט רייצנדיקע פארפומען פון פרויענלייבער.

ווען די זון האט גליענדיק הינטער די בלויע קאמען פון די בערג, לאנגזאם גענומען פארמינדערן דאס ליכט אויף דעם שטייפן שירמטוך און אויף די שרייענדיקע גרינע בערג־שפּוע'ס, האט פעדרא דעניס „אוועקגעלייגט" ביי די מויער־ווענט פונם פארערהויז, די פעטסטע יונגע רינד פון זיין סטאדע.

דאס איז געווען אף אן „אסאדא קאן קועראַ", און די שארפע און פלינקע מעסערס האבן אין איין בגע אויסגעשניטן דעם הינטער־חלק, די ריפן און די ברוסט. פריער נאך, — און ווען די בהמה האט זיך נאך געצאפלט אין גסיסה־כארכלען — האט „לאנסאסעקא" ארויסגעשניטן די צונג, אף וואס ער האט געהאט א חזקה לויט דער גאוטשער טראדיציע, ווייל ער האט דערשטאכן די בהמה.

— און די אינגעווייד, פאטראן? — האט איינער געפרעגט.

— נעמט ווער עס וויל.

— פאר מיר די „טשינטשולינעס".

— און די גראבע קישקע פאר מיר.

— און איך נעם די נירן.

נאָר איין מאַטוקאַ האָט גאַרנישט געפֿעגט, געבנדיק אַ געלעגנהייט דעם באַלעבאָס אים פֿאַרצעוואַרפֿן:

— און דו קלייבסט גאַרניט אויס, שוואַרצער?

— דעם ווײַשעט — האָט דער נעגער געענטפֿערט.

„לאַנסאַסעקאַ‟ האָט אַ זאָג געטאָן מיט חוזק:

— דער ווײַשעט איז האַרט, מ׳מוז פֿאַר אים האָבן גוטע ציינער און דײַנע יאַסליעס זײַנען נאַקעטער פֿון אַן אויסגעטראָטענעם וועג!

—ס׳איז נישט אַף צו עסן — האָט דער שוואַרצער געענטפֿערט — ס׳איז אַף אַ הענטל צו מײַן מעסער.

אינווייניק אַפֿן מיטן הויף האָבן געבערענט די קאַראַניליענקלעצער, פֿאַר גרייטנדיק דעם זשאַר, און געוואָרפֿן אינדערהויך מיט רויטע פֿלאַמען, וואָס האָבן ווי גערייצט זיך מיט די שאַרלאַך־רויטע פֿלאַמען פֿון דער זון, וואָס האָט זיך גענומען באַהאַלטן הינטער די גראָע קאַמען פֿון די בערג.

דער פּאַטראָן איז געווען לוסטיק און טענצלדיק, ווי אַ באַראָן אין אַ זוניקן פֿרימאָרגן, מאַנסיט ווי אַ ווײַבערישער פֿערד און גרויסמוטיק ווי אַ פּריץ פֿונם אַלטן גוטבאַזיצער־שטאַם. מ׳האָט אים אַ פֿרעג געטאָן:

— און דאָס ווייכפֿלייש, פּאַטראָן?

— דאָס ווייכפֿלייש פֿאַר די הינט — האָט ער געענטפֿערט — וואָרום הײַנט איז אַ יום־טוב און איך וויל, אַז די הינט, אַפֿילו, זאָלן בײַכער באַקומען!..

דריי באַזונדערע פֿײַערן האָבן פֿריילעך געקנאַקט, בילדנדיק שיכטן פֿון גליענדיקע קוילן, וואָס אַף זייער היץ האָבן זיך געבראָטן די אַסאַדאָס, און דערווײַל איז געגאַנגען אין ראָד די ביטערע מאַטע ווי אַ מין אַפּעטיט־געטראַנק, און פֿון צייט צו צייט האָט מען גענומען צוביסלעך „קאַניע‟, כדי אופֿצוהאַלטן די פֿריילעכקייט, וואָס דער פּאַטראָן האָט דעקרעטירט אין יענער נאַכט, ווען ער האָט געזאָלט פּראַוון זײַן נידערטרעכטיקע חתונה.

---

## V

דער מאַלצייט איז געפּראַוועט געוואָרן אין אַ גרויסן חדר פונם פאַ־דערשטן פּאַוועליאָן — אַן עס־צימער פון אַ רייכן גאָוטש: אַ ווייסער סאָס־נאָווער טיש, צוויי לאַנגע און פּראָסטע בײַנק און אַ קלײנער שראַנק, אויך אַ סאָסנאָווער, אין אַ ווינקל.

אויפן טיש, געדעקט מיט אַ לייווענטענעם טישטוך מיט געלע, גרינע און רויטע געמעלן, האָט געבלאַנקט דער סערוויז: אַ באַרג מיט בלעכענע טעלער, צינענע לעפל און גאָפּלען; קיין מעסערס איז נישט געווען, ווײַל יעדער פון די בעלי־שמחה האָט געטראָגן זײַן מעסער אין גאַרטל. אויפן מיטן טיש, אַ וואַזע פול מיט רויע „פּאַריניאַ"; בײַ דער זײַט אין אַ בלע־כענעם לייכטער, אַ חלב'ענע ליכט, אַ מאַגערע, אַ טונקעלע, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר קאַרגער שײַן צושפּרייט איבערן שטוב אַ שטאַרקן פאַר־פּעסטעטן גערוך.

די לייט זענען שוין געווען אויסגעזעצט אַרום טיש; מאַטוקאַ, וואָס האָט געהאַלטן נעבן זיך אויפן פּאָל די „דאַמאַכוואַנע" פון אַכצן ליטער, פול מיט העל־רויטן ווײַן ביזן העלדזל, האָט אָנגעגאָסן אַ גרויסן בלעכענעם קרוג און, אַפּטרינקענדיק אַן צערעמאָניעס, האָט ער אים איבערגעגעבן דעם שכן זײַנעם; דאָס איז געווען דער צווייטער אַפּעטיט־געטראַנק.

אין דעם מאָמענט איז אַרײַנגעקומען באַסינטאַ, האַלטנדיק מיט בײדע הענט אַ שיסל, פול מיט געבראָטענע עופות מיט רײַז.

די גאָוטשאָס האָבן צוערשט געוואָרפן אַ בליק אויף דער פּאַריקער פּאַטראַוועס און נאָכדעם, פול מיט נײַגיר און שפּאָט, אויף דעם מיידל.

אײַנגעשנורעוועט דאָס לײַב אין אַ העל קאָלירטן ציצענעם קליידל, וואָס איז שטײַף געווען פון צופיל קראָכמעל; אויף די קלײנע פיסלעך אָנ־געצויגן אַ פּאָר פּאַרוסינענע „אַלפּאַרגאַטן", אירע שײנע בלאָנדע האָר גראָב אָנגעזאַפּט מיט אויל, האָט זי זיך אויך געזעצט צום טיש און אָנגע־הויבן אויסצוטײלן דאָס עסן, ערנסט, שווײַגנדיק, מיט דער גאַנצער גלײַכ־גילטיקייט פון אַ שקלאַפן. אין אירע העל־בלויע אויגן איז נישט געווען קיין שאָטן פון מורא, בושה אדער נײַגיר. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אדער האָט זיך געמאַכט ווי זי פאַרשטײט נישט, די גראָבע אַנצוהערענישן פון די

גאָטשאַס, וואָס זענען געוואָרן אַלץ אויפגערוימטער פונם עסן און טרינקען.

אַלע זענען געוואָרן לוסטיק און באַריידעוודיק: אַפילו מאַטוקאַ, דער פינסטערער און בייזער מאַטוקאַ, איז ווי געוואָרן אַן אַנדער מענטש, אַ צופרידענער מיט דער אַרבייט פון אַ סאַרוועך: קוים האָט זיך נאָר אויסגע־לײדיקט דער קרוג, האָט ער אים באַלד אַ כאַפּ געטון, האָט אים אָנגעפילט און דערלאַנגט דעם שכן, און איז צוגעשטאַנען און געצוואונגען אַלעמען צו טרינקען. אייניקע האָבן אַפילו געפּרואווט ווי געהעריק איז דערווידערן.

— פּאָוואָלי, וואָרום ס'איז דאָ גריבער, מאַטוקאַ! — האָט איינער אַ זאָג געטאָן. און לאַנסאָסעקאַ האָט צוגעגעבן:

— טרייב נישט אַזוי... מאָגערע אָקסן אַרויף אַ באַרג!

אויף וואָס דער נעגער האָט געענטפערט מיט אַ געמאַכטן שמייכל:

— „פּוטשאָ"! איר זענט עפּעס אַזוינע שוואַכינקע, ווי עפּעס אַ שטאָטיש וואָוויליונגערישער פּראַנטל.

און כדי צו דערווייזן, אַז זיי זענען נישט קיין שוואַכינקע, האָבן אַלע און יעדער באַזונדער „צוגעדרעמלט" ביים וויין־קרוג, וואָס מאַטוקאַ האָט אים געמוזט אָנפילן אָפּסניי, כדי צו פאַרענדיקן די ראָד.

ווען מ'איז פאַרטיק געוואָרן מיט די עופות איז דער עולם שוין געווען העכסט לוסטיק, און קיינער האָט מער אין זינען נישט געהאַט כאַסינטאַ'ן וואָס האָט, פון איר זייט, דאָס מויל נישט געעפנט צו זאָגן אַ וואָרט. אַז זי האָט זיך אויפגעהויבן צוזאַמענצונעמען דאָס געשיר, האָט מאַטוקאַ זיך אָנגעבאָטן גיין צושניידן די „אַסאַדאָס" און ער איז אַרוים אומבאַמערק־טערהייד פאַר די מיט־עסער, וואָס האָבן שוין האַלב־שיכורע געלאַכט און געשריגן, דערמאַנענדיק און האַמפּערנדיק זיך איבער דעם חלק רום וואָס יעדען איינעם האָט געקומט פון די אַמאָליקע בלוטיקע אַוואַנטורעס.

אין אַ ווײַלע אַרום, אין אַ היבשער ווײַלע, איז מאַטוקאַ צוריקגע־קומען מיט נאָך אַ גרעסערער שיסל ווי די פריערדיקע. די באַנדיטן האָבן געוואָרפן זולל־וסובא'דיקע בליקן אויף די פאַרברוינטע שטיקער פלייש און האָבן נישט געקענט באַמערקן דעם מאָדנעם אויסדרוק פון חיה'שער פרייד, וואָס איז געלעגן אויף דעם נעגערס פּנים, נישט זיי האָבן זיך חשבון געגעבן

װעגן דער דראָונג, װאָס איז געװען באַהאַלטן אין דער דאָזיקער פראַזע, װאָס ער האָט געלאָזט פאַלן מיט אַ שמייכל:

— ¡A noite esta preñada como pra parir rayos!.. *)

אַלע זיינען שוין געװען בגילופינ׳דיק און ביים עסן דעם „אַסאַדאָ״ האָבן זיי זיך אײנגאַנצן אַנגע׳שכור׳ט. מאַטוקאַ האָט געהאַלטן אין איין אַנגיסן װיין, מיט אַ זעלטענער ריִרעװודיקייט, װאָס אין אַן אַנדער צייט װאָלט עס געװאָונדערט זיינע קאַמעראַדן, װאָס האָבן אים געקענט און גע־װאוסט, אַז ער איז פויל װי אַן אַלטער הונט און האָט שטענדיק אין זינען נאָר זיך אַליין.

דער באַלעבאָס מיט כאַסינטאָ׳ן זיינען אַװעק; לאַנסאַסעקאַ האָט זיך גענומען צו דער גיטאַרע און האָט מיט זיין הייזעריקן קול אָנגעהויבן צו זינגען אורוגװאַיער „דעסימאַס״ און בראַזילער „מאָדיניאַס״.

— גיב מיר װיין, שװאַרצער!

— מיט פאַרגעניגן! — ענטפערט מאַטוקאַ און גיסט אָן דעם קרוג; און אַז דער זינגער האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— כאַסינטאָ װעט דיר באַצאָלן די טובה; — האָט ער אָפּגעענטפערט, אויסזינגענדיק כמעט מיט אַ װיינענדיקן קול:

— A os homes aceito a paga, a las moxas náo quero nada! **)

און אַ כאַפּ טוענדיק די גיטאַרע, האָט ער דערציטערט די לופט מיט אַן אומגעװיינלעכער כװאַליע טענער. די סטרונעס האָבן װי געקרעכצט און געדראָעט אין מיני האַרמאַנישע קלאַנגען, װאָס אַט זענען זיי ענלעך געװען צו דעם פייף פונם שטורם אין די געדיכט־באַצװײגטע פעלזן־שפּאַלטן, און אַט, צו דעם דעמפּיקן און װייטן ברום פון דער פּומאַ, צװישן די װילדע גראָזן פונם זומפּ. די שװאַרצע, גראָבע און אַדערדיקע פינגער האָבן אַרומגעטאַנצט מיט אויגן־שװינדלענדיקער שנעלקייט, אַרויסברייגענדיק משונה׳דיקע

---

*) די נאַכט שװאַנגערט װי אויף צו געבוירן דונערבליצן!

**) פון מענער נעם איך געצאָלט, פון מיידלעך װיל איך גאָרנישט!

טאקטן, שארף ווי דער אויגנצאַן פון אַ שלאַנג, אדער הייזעריק ווי דער קול פון אַ דונער אין וואלד; ביטער ווי די אַלאַענבלעטער, סטראשנע ווי די פלאמענדיקע מדבר־באַגינענס, מונטער ווי די פּאַטראַס אויף די פריִע בערג. מיטאמאַל, צו דער גרעסטער דערשטוינונג פון די צושויער, האָט מאַטוקאַ גענומען זינגען:

Oh vinho é sangue de Christo *)
E'alma de Satanás:
E'sangne quando ell é pouco,
E'alma quando é demais!

איינער פון די באנדיטן, וואס דער קאָפּ האָט זיך שוין אים געוויגט איבערן טיש און וואס האָט געהאַלטן אין איין פּינטלען מיט די בלוט־פארלאָפענע אויגן, האָט זיך צושריגן, קוים קערנדיק מיט דער צונג:

— דעעער־־לאַנג... ווײַ־־ן!

— ווײַן! — האָט זיך נאָך איינער אָפּגערופן.

— ווײַן! — האָט לאַנסאַסעקאַ אויך אונטערגעהאַלטן.

— נישטאָ מער קיין ווײַן — האָט דער נעגער געמאָלדן — איצט האָב איך „קאַשאַסאַ".

און האָט דערלאַנגט דאָס פלעשל „קאַניע", וואָס זיינע גוטע ברידער האָבן אויסגעכאַפּט מיט פרייד, און יעדער פון זיי האָט צו פיר־פינף זופּ געטאָן נאָכאַנאַנד. דער נייער ליקער האָט דערפירט זייער שיכרות ביזן העכסטן גראַד און עס איז געוואָרן אַזאַ געפּילדער, אַ געזאַנג אַן אַ סדר, געלעכטערס אין דער וועלט אַריין און קללות אָן אַ פאַרוואָס, אַז מאַטוקאַ האָט ווידער אַ זאָג געטאָן מיט דער זעלביקער פייערלעכקייט וואָס פריער:

— ¡A noite está preñada como pra parir rayos!

— ס'אַליגן! — האָט איינער געענטפערט. און דאָן האָט דער נעגער

*) אַ, ווײַן איז בלוט פון קריסטוס,
און נשמה פונם שטן:
איז בלוט (פון קריסטוס) — ווען ווייניק
איז נשמה (פונם שטן) — ווען אַ סך!

וואס האט צומאל גערעדט פארטוגעזיש, צומאל פארטוגעזיש מיט שפאניש געמישט און צומאל אף שפאניש, צוקאליעטשענדיק תמיד ביידע שפראכן, א זאג געטאן מיט א פראסטיקן קול:

— A os mininos é a os velhos, tein que se acreditar sempre, porque os mininos ainda nao saben mentir, é os velhos ja nao saben. *)

לאנסאסעקא, וואס איז געווען ווייניקער שכור ווי אלע איבעריקע, און וואס האט שוין פון לאנג נאכגעשפירט מיט חשד מאטוקא'ס מאדנע האל־טונג, איז מבולבל געבליבן, דערהערנדיק זיין לעצטע משל'ארטיקע פראזע. קיינמאל האט מאטוקא פון זיין מויל נישט ארויסגעבראכט אזויפיל ווער־טער נאכאנאנד, און די דאזיקע אומגעלעגנהייטלעכע בארײדזאמקייט, צוזאמען מיט זיינע פריערדיקע באאבאכטונגען האבן אים געגעבן צו טראכטן. לאנסאסעקא, דער גרעסטער רוצח, איז איינצייטיק אויך געווען דער גרעסטער פחדן פון דער באנדע, און דאריבער, דער פארזיכטיקסטער און ניכטערסטער. נישט וויסנדיק פארוואס, האט ער פלוצלונג מורא גע־קראגן; ער האט אינסטינקטיוו דערפילט א געפאר, און ווי ער איז שוין גע־וואוינט געווען אין אזעלכע פאלן, האט ער געזוכט פון זיין ביטערער פחדנות דאס, וואס זיין מוט האט אים נישט געקענט געבן. דער שרעק האט אים כמעט ווי אויסגעניכטערט, נאר געפינענדיק פאר נויטיק נישט ארויסצעווייזן זיין ניכטערקייט, האט ער, אין גאנצן, זיך געפלייסט צו מגזם זיין זיין בארוישונג.

א טיפע שטילקייט האט נאכגעפאלגט נאך דער סומאטאכע פון צוריק מיט א רגע. צוויי פון די פעאנשס זענען שוין געשמאק געשלאפן, די הענט אנגעשפארט אויף דעם פארפעצטן טיש, און אויף די הענט דעם קאפ, א פארשטארטן פונם אלקאהאל. לאנסאסעקא האט געטאן דאס אייגענע און האט געמאכט דעם אנשטעל, אז ער שלאפט.

---

*) קליינע קינדער און אלטע לייט, האט א כלל, דארף מען גלויבן, ווייל די קליינע קענען נאך נישט ליגן און די אלטע קענען שוין נישט.

## VI.

ס'זיינען פארביי עטלעכע מינוטן. ווען מאַטוקאַ האָט זיך איבערצייגט, אז אלע זיינען ווי געבונדן פון דער שיכרות, איז ער פאָרזיכטיק ארויס־געגאַנגען, קומענדיק באַלד צוריק מיט צוויי בלעכן קעראָסין. וואס ער האָט גענומען צוגיסן איבער דער פּאָדלאָגע. די געענדיקט, איז ער צוריק ארויס און ווידער אריינגעבראַכט נאָך צוויי בלעכן.

לאַנסאָסעקאַ האָט בגנבה נאָכגעקוקט דעם נעגער מיט איין אויג. קיינמאָל ביז דאַן האָט אים נישט אויסגעוויזן אזוי טייוולאָניש דאָס גע־שטאַלט פונם אַלטן באַנדיט. זיינע בלוטיקע אויגעלעך האָבן געהאַט אַן אימה'דיקן אויסדרוק; זיינע גראָבע פאַרבלוטע ליפּן האָבן זיך צוזאַמענ־געפּרעסט אין א גרוילנדיקן שמייכל, און עס האָבן געציטערט די פליישיקע נאָזלעכער פון זיין צושפּרייטער נאָז, ווי זיי זאָלן זיך קוויקן מיט דעם ריח פון א געשמאַקן „אַסאַדאָ".

נישט באַנוגענדיק זיך מיט דעם, וואס ער האָט באַגאָסן מיט נאַפט דעם פּאָל, די טירן און דאָס מעבל, האָט מאַטוקאַ אופגעהויבן א בלעך און האָט באַשפּריצט מיט דער פאַסקודנער פליסיקייט די בגדים פון די שלאָפנדיקע באַנדיטן. ווען לאַנסאָסעקאַ האָט דערפילט אף זיך די שלימזל'דיקע פליסיקייט, האָט ער נישט ווילנדיק אופגעציטערט, און עס האָט אים אנגעכאַפּט א חשק צו שרייען און ארופוואַרפן זיך אפן נעגער. נאָר דאָס איז געווען נישט מער ווי איין בליץ פון קוראַזש, וואס איז פאַרשוואונדן תיכף ווי ער האָט דערבליקט דעם צאַרניקן און דראָענ־דיקן פּנים פונם אַלטן קנעכט.

די צוויי חלב'נע ליכט, וואס האָבן שוין געהאַלטן ביי אויסברענען האָבן געשפּרייט א בלייכע שיין איבערן צימער, וואו עס האָט זיך נישט מער געהערט ווי דאָס שנאָרכן פון די שלאָפנדיקע אויסוואורפן. מיט גרויס פאָרזיכט איז מאַטוקאַ צוגעגאַנגען צום ארומגעשמידטן פענסטער, און האָט אים געעפנט, ער האָט געוואָרפן א פאַרשנדיקן בליק אף דרויסן, האָט א ווײַלע נאָכגעדיינקט און איז ווידעראַמאָל איילנדיק ארויסגעגאַנגען פון שטוב. זיין ארבייט איז נאָך נישט געווען פולשטענדיק; עטוואָס האָט נאָך

געפעלט, אום צו פארענדיקן אינגאנצן אויף א ווירדיקן אופן דעם חתונה־מאלצייט פונם באלעבאס.

אין א ווײַלע ארום איז ער צוריקגעקומען מיט א ברעמיע טרוקענע העלץ, וואס ער האט אוועקגעלייגט בײַ דער שוין פארשלאסענער טיר, וואס פירט צו די חדרים פונם באלעבאס. דער אײַנפאל האט אים באגײַסטערט, און מיט א פינסטערן שמייכל איז ער געגאנגען ארײַנטראגן נאך העלץ, און האט זיך גענומען אנווארפן א קופע ארום טיש. ער האט געמאכט עטלעכע גאנגען, און די באנדיטן זענען שוין כמעט פארשטעלט געווען מיט די טרוקענע צווײַגן, וואס האבן געבילדעט א גרויסן סטויג אינמיטן צימער.

פארטיק געווארן מיט דעם, האט מאטוקא זיך ווידער פארטראכט אויף א רגע, זיך ווידער צושמייכלט טײַוואָליש, און האט פארלאזט דאס הויז.

דאן איז לאנסאסעקא, א פארציטערטער, קלאפנדיק א צאן אן א צאן און בלייך ווי א מת, פארזיכטיק ארויסגעקראכן פון צווישן די צווײַגן און האט זיך שנעל ארויסגעשלײַכט און איז אוועק זיך אויסבאהאלטן צווישן די אקאציעס, סינאסינאס און קוויטענבוימער, וואס האבן ארומגענומען דעם הייף. פון דארט האט ער געזען ווי דער נעגער האט ארײַנגעטראגן נאך צוויי בלעכן קעראסין. שארנדיק זיך בײַ די ווענט פון הויז, האט ער נאך געזען דורכן פענסטער ווי מאטוקא האט אויסגעליידיקט די בלעכן אף די הורבעס העלץ און נאכדעם האט ער גענומען דאס לעצטע שטיקל ליכט און האט געמאכט א פײַער.

דאס אפגעטאן, האט זיך מאטוקא ארויסגערוקט הינטערווײַלעכטס, האט פארמאכט די טיר, האט זי פעסט פארשפארט פון דרויסן, ארומבינדנדיק זי מיט לאסעס, רימענס און דראטן. דאס איז אים נאך ווייניק געווען, און ער האט צוגעשלעפט א וועגעלע, וואס איז געווען אין הייף: האט אף דעם ארויפגעקאטשעט א פאס מיט וואסער; נאכדעם א פלוג, נאכדעם לאפעטעס, סאפעס, ציגל, אלץ וואס ער האט געפונען צו דער האנט, כדי אינגאנצן צו פארהאמעווען די טיר.

לאנסאסעקא, וואס האט זיך ווידער באהאלטן צווישן די צווײַגן פונם פלייט, האט מיט שטומען פחד צוגעזען די דאזיקע צוגרייטונג, און עס האט אים געוואונדערט וואס עס גייט אוועק אזוי פיל צייט און פון אינווייניק

הערט מען נישט קיין פּיפּס. אין דער האַלב פינצטערער כמורנער נאַכט האָט זיך געוויסט דאָס גרויסע הויז, א פּעסטע, אַ רואיקע, אַ שווייגנדיקע.

מאַטוקאַ האָט דערווייל ארומגעשמייעט פון איין אָרט צום אַנדערן, און האָט צוזאַמענגעוואָרפן אַלערליי זאַכן בּיי דער איינציקער טיר, וואָס מען האָט זי שוין כמעט נישט אַרויסגעזען פון הינטער דער בּאַריקאַדע. ס'האָט אים אַלץ נישט געקלעקט, אום צו זיין זיכער, אז זיינע קרבּנות וועלן זיך נישט קענען ראַטעווען. זוכנדיק איבּערן הויף און אין גאַלפּאַן, האָט ער דאָ אין א ווינקל בּאַמערקט אַ סך קנוילן דראָט. ער האָט ארויסגעלאָזט א ווילדן בּרום פון פרייד, און האָט מיט אימפּעט זיי גענומען קאַטשען איינעם נאָכן אנדערן און האָט זיי צוזאַמענגעלייגט האַרט בּיי דער טיר. עס איז אים נאָך אַלץ ווייניק געווען: אפן הייף איז געווען אַ בּאַרג מיט האַלץ: מען האָט ערשט נישט לאַנג וואָלד געהאַקט. האָט ער זיך אהין א לאָז געטאָן, און מיט וואונדערלעכער קראַפט האָט ער גענומען הויבּן און איבּערטראָגן די גראָבּע קאַרינילי‎עז־ און גוואַיאַבּאַ־קלעצער. נאָכדעם האָט ער נאָך ארופגעוואָרפן עטלעכע הויפנס טרוקענע צווייגן, בּאַגאָסן מיט קעראָסין, און האָט דאָס אַלץ אונטערגעצונדן. דורך דאָנעט וועלן זיי שוין נישט אַרויס!..

מיטאַמאָל, אינמיטן דער פייערלעכער שטילקייט פון דער נאַכט, האָבּן זיך דערהערט אייניקע אנגסטלעכע קולות, וואָס זיינען פון אינווייניק פונם הויז ארויס, און אין א ווילע ארום, אַ לאַנגער, שניידנדיקער, אימה'דיקער בּרום, אין וועלכן לאַנסאַסעקאַ האָט דערקענט דעם קול פונם בּאַלעבּאָס.

אינגאַנצן משוגע פאַר שרעק, איז ער אריבּערגעשפּרונגען איבּערן פּלייט און זיך געלאָזט לויפן צום נאָענטן בּאַרג, אף וועלכן ער האָט ארויפגעקלעטערט פלינק ווי א ציג. אז ער איז שוין געווען גאָר אין דער הויך, האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אויף אַ בּערגל שטיינער און האָט אומגעווענדט זיין פאַרווירטן בּליק צום הויז פון דער עסטאַנסיע.

דאָן איז אַ דערשטוינענדיק בּילד דערשינען פאַר זיינע אויגן, און ער האָט גענומען צווייפלען, אויבּ ער זעט עס אָפן וואָר, אָדער דאָס ווערט ער פאַרפאָלגט פון אַ שרעקלעכן קאשמאַר, ארויסגערופן דורך דעם אַלקאָהאָל, וואָס ער האָט געהאָט אריינגעגאָסן אין זיך בּיים מאָלצייט.

די עסטאנסיע איז געווען איין גרויסער פלאקער. ווילענוויז האבן בייזע פלאמענדיקע צונגען זיך געריסן פונם מיטהויז ארויס און האבן זיך געשליינגלט צווישן געדיכטן רויך־וואלקן, וואס האט זיך געהויבן מיט אימפעט, און געטריבן פון ווינט, האט ער זיך צושאטן אין דער ריכטונג צו בראזיל, כדי צו צוטראגן איבער די רומפולע בערג דעם טראגישן סוף פון די וואס זענען געווען זיינע טראגישע הארן. דאס איז געווען א ריזיקער קאלבאויוון, פון וועלכן עס האט געשפריצט און געשפרודלט מיט פייער, און לאנסאסעקא האט זיך פארגעשטעלט זיינע קאמעראדן, ווי זיי זיינען אין זייער טעמפער אפגעלאזנקייט פון שיכרות פארכאפט געווארן פון א גרוילנדיקן טויט. און ער האט זיך באזונדערס פארגעשטעלט דעם באלעבאס זיינעם, דעם גרויזאמען „רוביא״, דעם שרעקלעכן איינאויגיקן טייוול, ווי ער ברומט ווי אן אומעכטיקע חיה, ווי ער צאפלט זיך אינם גלוטיקן פייער, משוגע פון גרימיקן צארן און וואוט. ער האט זיך אים פארגעשטעלט צוערשט, ווי ער שלאפט זיך געשמאק נאך דער באפרידיקונג פון זיין נידערטרעכטיקער תאוה; נאכדעם האט ער זיך אים פארגעשטעלט, ווי ער האט זיך דערזען א געפאנגענער אין זיין אייגענער נארע, קאפענדיק די ערד ווי א צורייצטער אקס, איבערשטייגנדיק דאס קראכן פונם פייער מיט זיינע מורא׳דיקע קללות, מיט זיינע פלונבן פון א באזיגטן ריז.

און די פלאמען האבן זיך דערווייל געצויגן און געהויבן און געדרייט זיך אין א וויכער אנטקעגן דעם אלטן און שמוציקן „וויראלא״, וואס זיינע פארטריקנטע און לאמע צווייגן האבן שוין געהאט אויסגעהאלטן די אנפאלן פון הונדערטער שטורעמס.

און וואס עס האט לסוף לאנסאסעקא׳ן צעשרויפט אינגאנצן, איז געווען דאס לעצטע בילד, וואס ער האט באמערקט ביים שיין פון די פלאמען: איינגעהילט אין זיי, שווארץ ווי סאזשע, פינסטער ווי א טייוול איז מאטוקא געשטאנען אפן דאך־שטיבל, וואס האט זיך דערהויבן איבער דעם מזרח׳דיקן ווינקל פון דער וועראנדע. דער באנדיט האט נאך דערציילט, אז פונם שפיץ בארג, און א דאנק דער שטארקער באלויכטונג, האט ער געקענט זען דעם נעגער, ווי ער איז געשטאנען א פארשטארטער, און אף זיינע שווארץ־בלויע ליפן האט זיך געשפילט א טייוולאנישער טריאומף־שמייכל. מער האט

ער נישט געקענט זען, ווארום שיר משוגעווערנדיק, האט ער זיך געלאזט לויפן איבערן וועג קיין בראזיל; ער איז אריבער די גרעניץ און האט זיך פארקליבן צווישן די בערג, ניט אומוועגדיק דעם בליק אף צוריק, ניט אפשטעלנדיק זיך אויף איין רגע, פונקט ווי עס וואלטן אים נאכגעיאגט די צונגען פונם פייער און דער בייזער קול פונם באלעבאס, וואס האט זיך גרימיק געצאפלט אין זיין תפיסה פון פלאמען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאס אלעס דערציילט די לעגענדע; און צו דעם נאך, אז דער געמיינער ראב, וואס געגעצט אן אופהער אף דעם חרוב'ן דאכשטיבל, איז טאקע מאטוקא אליין, וואס וועט פארבלייבן אף אייביקע אייביקייטן אליין דער עדות פון זיין שרעקלעכער נקמה.



# די קאַפּריזן פֿון רוים

אין פּראַווינץ ע נ ט ר ע ר י אַ ס, אויף אַ פּאָר קוואַרטאַלן פֿונעם שיינעם טייך מ אַ ק אַ ר ע ט אַ, איז, אין די שוין לאַנג פֿאַרגאַנגענע צייטן פֿון אַט דער געשיכטע מיינער, אַ קליין שטעטעלע געווען, וואָס האָט זיך אין פּאַסאַן געשטעלט גאָר מעשה גרויס־שטאָט, כאָטש עס איז דעם געווען גאַנץ גערוימיק אינם דאָרפֿס־העמד.

אַן אָרים, מיאוס שטעטעלע איז דאָס געווען. ווי אַ מין פֿעלז, אַן אָנגעוואַקסענער אויפֿן רוקן פֿון באַרג, האָט עס אויסגעזען, פֿון דור־דורות נישט פֿאַרענדערט, גלייך ווי אַ מפּיל, אין ספּירט אויפֿגעהאַלטן. מיאוס געווען, נאָר שטאָלץ ביי זיך מיט די לאַנדשאַפֿטן, וואָס האָבן אַרום און אַרום מיט פּראַכט זיך געשפּרייט: אַן אַרויפֿבאַרג, ווי אַ פּרוּוון־געשטאַלטונג, צאַרט און שלאַנק אַזוי געבויגן; אַ טאָל — תמיד לאַכנדיק מיט דעם סמאַראַגדן־גרינס פֿון זיין געדיכטן גראָז־פֿוך: און נאָכדעם, אַ טייך, וואָס האָט אַ פֿרייד אָנגעהויכט מיט דעם שימער פֿון זיינע פֿלאַטערנדיקע ראָר־פֿלאַנצן, וואָס האָט חלומות פֿון אַ טראָפּישער סיעסטאַ געוועבט מיט די צאַרטע לאָקן פֿון זיינע ווערבעס און מיט די ווילדע פּאַלמעס פֿון די ניאַנדובאַיען־ביימער; וואָס האָט דעם מידן געדאַנק אַ קינדישע פֿרישקייט געגעבן מיט דעם עטרורישן שפּיגל פֿון זיינע לאַגונעס, וואָס קושנדיק די קאַמאַלאָטן און בייסנדיק די זאַמד־ברעגן, אַנטפּלעקן זיי זילבער פּולירטן מיט די שופּן פֿון די פֿלאַטקעלאַך, און בלאַנקנדיקן אייזן מיט די קינבאַקן פֿונעם זשאַקאַרע.

די ווינטן פֿלעגן אין שטעטל אָנקומען מידע פֿון גאַלאָפּירן איבער די קאַנטיקע בערג, מיט לעגיאָנען צופֿאַלענע אין דעם נאָכאַנאַנדיקן געראַנגל מיט די שכנישע וועלדער, און אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף די מאַראַנצן און

אבריקאסן סעדער פון די דארפישע הייפן, האבן זיי אנשטאט בייסן, גאר געקושט, און אנשטאט ברומען, גאר געלאכט. אונטער א הערלעכן בלויען הימל, אף רעגן נישט קיין קארגער, און מיט דער הילף פון א זון א זייער פרייגעביקער, האט די ערד, אן באארבעטונק כמעט, פון אלדאס גוטס ארויסגעגעבן — פונם איינפאכסטן גארטנווארג, ביז דער בלום דער שענסטער.

איז אט, אין אזעלכע באדינגונגען, וואלט מען, דוכט זיך, דארט גע־דארפט האבן א לעבן א זיס און א רואיקס, נאר מקנא צו זיין. און פונ־דעסטוועגן...

א סאך זאכן האבן אינם שטעטל געפעלט, כמעט אלע נוצלעכע זאכן: נאר נישט דאס קאפע־הויז, דער אפטייקער, דער „פראקוראדאר", דער „קוראנדערא" און די „עפענטלעכע מיינונג". אט די לעצטע איז פארטראטן געווען דורך צוויי צדדים — די „גרינע" פארטיי און די „געלע" פארטיי, וואס האבן איינע די אנדערע געהאסט מיט דעם גאנצן פייער, וואס די ברענענדיקע מאסאפאטאמיע־זון האט אין זייערע הערצער צוגליט.

אורטיילנדיק נאך דער צאל אנהייגער בלויז, האבן ביידע פארטייען גלייכע כחות פארמאגט: די „גרינע" האבן אבער איבער די „געלע" אן אומבאשטרייטבארן קוואליטאטיוון פארצוג געהאט, מיט דעם פאקט, וואס אין זייערע רייען האט אקטואירט דער קאפיטאן ס א ל א ר א י, וואס מ'האט אים געהאלטן פארן העכסטן און מוטיקסטן צווישן אלע העכלעכע און מוטיקע אינדיער פון גאר דער פראווינץ.

ס'האבן אייניקע זיך אפילו דערלויבט צו צווייפלען אינם קאפיטאנס קוראזש, און האבן געפרואווט צו דערגיין מיט וועלכע העלדנטאטן ער האט זיך דאס ערגעץ אויסגעצייכנט: נאר די „גרינע" האבן לייכט צושלאגן די דאזיקע בייזוויליקע ספקות, אנווייזנדיק אף דעם, וואס זייער „קאאר־דיזשא" איז זייער א העכלעכער געווען און זייער א ברוטאלער, צוויי אומ־שטאנדן, וואס דערביי מוז מען שוין אויך זיין א מענטש מיט קוראזש. חוץ דעם, האט די רעגירונג אים פאר קאפיטאן געמאכט, מיט א פארמאלנעם דיפלאם, וואס ס א ל א ר י פלעגט אים מיט פארגעניגן יעדן איינעם ווייזן, און אויב ער האט אים דערביי נישט פארגעלייענט, איז דאס געווען אויסשלים

לעד מחמת דעם נאַר, וואָס ער האָט לייענען נישט געקענט. זיין גרויסקייט איז אַלזאָ קלאָר געווען און אומבאַשטרייטבאַר, ווי מיר האָבן שוין אין אָנהויב געזאָגט.

דאָס האָט שטאַרק באַאומרואיקט די „גרינע", וואָס, ווערנדיק אוועק־געשטעלט אין אַזאַ אויסדריקלעך הינטערשטעליקער פּאָזיציע, האָבן זיי זיך קיין עצה נישט געקענט געבן ווי אַזוי צו מאַכן טריאומפירן זייערע אידע־אַלן ביים נאָענטן וואַל־שטרייט. ס'איז אפילו נישט געווען וואָס צו חלומען פון קיין זיג, ניט אַנטקעגנשטעלנדיק אַ געהעריקן געגנוויכט צו דעם גוואַל־טיקן כח, וואָס עס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך דער קאַפּיטאַן סאַלאַרי. אַזוי האָבן די זאַך פאַרשטאַנען די אָנפירער פון דער פּאַרטיי, וואָס פלעגן זיך צונויפקומען יעדן אוונט און די כחות פאַרצערן — פאַרצערנדיק פאַריינס אויך אַ שלל מיט זשערבע ביי אַ מאַטע — איבער דער דאָזיקער, ווי עס האָט געשיינט, אומלייזבאַרער פּראָבלעמע.

איינמאָל, האָט איינער אַ מיטגליד נישט גאָר דרייסט געהאַט אַ זאָג געטון:

— און אַז מ'זאָל דעם קאַפּיטאַן דערהאַרגענען?..

אַלע האָבן פרעגנדיקע אויגן אָנגעשטעלט אויף דעם אַפּטייקער און דעם קוראַנדערא, די טוזן פון דער פּאַרטיי; נאָר דער אַפּטייקער האָט באַדייטונגס־פול אַ הויב געטון מיטן אַקסל: אַז סאַלאַרי ווערט גאָר קיינמאָל נישט קראַנק!.. טאָקע דערפאַר האָבן זיי אים געהאַסט אַזוי, ער און זיין קאָלעגע, דער „קוראַנדערא".

אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג, נעמט דאָס וואָרט עומעניאָ טראַסיאָ, אַ וואָוילקענענדיקער יונגערמאַן וואָס האָט רעדאַקטירט דאָס „געלע" בלאַט, וואָרום, ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז אינם שטעטל זענען אַרויסגעגעבן גע־וואָרן צוויי בלעטער: איינס פון דער רעגירונגס פּאַרטיי און דאָס אַנדערע פון דער אָפּאָזיציע, ביידע ענלעך צווישן זיך, אויף אַזוי פיל, אַז דער איינ־ציקער אונטערשיד צווישן זיי איז געווען דאָס, וואָס איינע האָט אַלס באַלוינונג פאַר אירע זידלערייען באַקומען אויף „פּוטשערא" און די צווייטע האָט שמיץ באַקומען: גראָדע אַ פילבאַרער אונטערשיד, אויב אַזעלכער איז פאַראַן.

עומעניא טראַסיאַ, אַלזאָ, האָט דאָס וואָרט געבעטן, האָט באַפּעסטיקט די ברילן אויפן רוקן פונם קליינעם נעזל, האָט אַ פּיר געטון מיט דער האַנט איבער זיין קיילעכדיקן, טונקעלן און גלאַטן פּנים, און האָט געזאָגט:

— נאָר נישט קיין גוואַלדטאַטן, סעניאָרעס!.. לאָמיר איבערלאָזן אַט די פּאַרדאַמטע מיטלען פאַר דער בלוטדורשטיקער רויבער־מחנה, וואָס האָט די מאַכט פאַרכאַפּט, צום שמאַד און ווייטיק פון אונזער גלאָררייכן פאָלק, און צו׳ר שאַנדע פון דער ציוויליזירטער וועלט!.. לאָמיר פאַרלאָזן דעם גרויזאַמען „סובלאַטאַ קאַאוסאַ טאָליטור עפעקטום״, פון דער אַלטער באַרבאַריע; און די העכסטע אינספּיראַציעס פון די אומבאַפלעקטע בירגער נאָכפאָלגענדיק, לאָמיר דעם נצחון אונזערן דערגרייכן דורך רעכט, אויף דעם באָדן פון אמת און אין שוים פון גערעכטיקייט!..

און דער רעדנער האָט, ציטערנדיק פון התלהבות, אין פאַל אַ קלאַפּ געטון מיט זיין גראָבן „טאַלאַ״־שטאָק — פּונקט אַזאַ שטאָק, אויב נישט קיין בעסערער נאָך, ווי דער, וואָס עס האָט גענוצט דער פּראָקוראַדאָר פּ ע ר ע ז, דער קאָנקורענט זיינער אין דער פּאָליטיק און אין דער פּרעסע. ער האָט נאָך ווייטער רייד גען געזאָלט, נאָר ד אָ ן ס ע ס אָ ר ע אָ, אַן אַלטער און רייכער „פּאַיסאַנאָ״, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם פינאַנציעלן עלעמענט פון דער פּאַרטיי, האָט אים אָפּגעשטעלט מיט די ווערטער:

— דאָס אַלעס איז גאַנץ וואויל און פיין; נאָר מיר קומט עס אויס פּונקט אַזוי ווי מאַכן פייער און צוגרייטן דעם בראַטשפּיז, נישט האָבנדיק אפילו אַ נישטיק שטיקל דרויב אָנצוטשעפּען!.. מ׳האַלט אין איין רײדן, מ׳פאַרלירט צייט אומזיסט, מ׳ברענגט געלד אויס און גערודלד, און די געגנער דערווייל לאַכן פון אונז און בלייבן איינגעקלאַמערט אויף די רעגירונגס־אַמטן פּונקט אַזוי ווי פּיאַווקעס!...

— איך האָב אַן איינפאַל! — האָט פּלוצלונג אויסגערופן דער אַפּטייקער.

— לאָמיר זען! — האָבן עטלעכע מיט אַמאָל אויסגעשריען.

— אַט, די זאַך איז גאַנץ פּשוט: „סימיליאַ סימיליום קוראַנטור״...

— רייד ווי אַ מענטש, — האָט דאָן סעסאַרעאָ באַפוילן.

— דאָס איז לאַטייניש...

— דאס אייגענע, ווי עס זאל זיין פאראנגוואאיש! האבן מיר דען ניט קיין לשון, קיין אייגענעם, אף איינצופארשטיין זיך, אז די „גרינגעריאס", וואס קיינער פארשטייט זיי נישט?..

— כ'וויל מיט דעם זאגן, אז אויב אונזערע געגנער באהערשן אונז, איז עס נאר דערפאר, וואס מיט זיי איז ס א ל א ר י, וואס ער איז, אדער וואס מ'האלט אים פאר א העלד.

— דאס האבן מיר שוין געוואוסט.

— א ביסעלע געדולד. די פראגע, אלזא, באשטייט נאר אין דעם, אז מיר זאלן אויך קריגן א העלד, וואס זאל קאנען אומשעדלעך מאכן דעם קעגנערס מאראלישע מאכט.

— דאס האבן מיר שוין אויך געוואוסט.

— יא, נאר וואס קיינער האט נישט געוואוסט, איז געווען, וואו צו געפינען דעם דאזיקן מאן, דעם אזוי געזוכטן, וואס דארף ראטעווען אונזער זאך.

— און איר האט אים געפונען? — האבן עטלעכע אפאמאל געפרעגט, מיט נייגיר און שפאט צוזאמען.

— איך גלויב, אז יא, — האט געענטפערט עניוות'דיק דער אפטייקער ד א מ י ר ע ז.

— רופט־זשע אים אן מיטן נאמען!

— ד א ן   ו י ר כ י נ י א.

ס'האט אן אלגעמיינער און דונערנדיקער געלעכטער אפגעקלונגען.

— ד א ן ו י ר כ י נ י א, דער וואסער־פירער!?

— ער אליין טאקע.

און ראמירעז האט אן קווינקלעניש און זיך נישט מאכנדיק קיין וועזן פונם אלגעמיינעם חוזק, דערקלערט דעם פלאן זיינעם מיט אלע פרטים; און ער האט געמוזט אים אזוי גוט דערקלערן, אז צום סוף פון דער באראטונג, איז שוין דער גאנצער אוידיטאריום געווען איבערצייגט און באצויבערט.

II.

אפן אנדערן טאג, גאנץ פרי, האט דער אפטייקער מיטן זשורנאליסט, פאר אט דער שליחות באפולמעכטיקטע, זיך אוועקגעלאזט, שטיל און פאר־זיכטיק ווי פארשווערער, צו דער וואוינונג פונם ה ע ל ד — אן ארימע ראנטשע אויסערן שטעטל, נאענט ביים טייך.

די שלוחים, וואס זיינען גרויסע פעפער געווען, ווי עס פאסט זיך פאר נעבילדעטע לייט, האבן די גרוים פון דער אווענטורע נאך שטארקער גע־פילט, צוליב דעם אויסערגעוויינלעכן פאל, וואס זיי זיינען אזוי פרי שוין אוף געווען. דער פאקט אליין פון אופשטיין פרי איז שוין א גאנצע אוועג־טורע פאר אסאך מענטשן, וואס קענען נישט גלייכגילטיק פארטראגן די פרישע לופט, די שטילקייט, די אומבאוועגלעכקייט פון אלע זאכן, און דעם דאזיקן אנזיכט ווי פון א נישט פארענדיקט בילד, וואס עס שטעלן פאר מיט זיך די לאנדשאפטן פונם באגינען. נאר ווען זיי זיינען צוגעקומען צום שטוב און א פרעג געטון אף דאן ווירכיניא'ן מיט אזא פייערלעכקייט, אז דאס מיידל, וואס האט זיי באגעגנט האט אויסגעשטארצעט א פאר גרויסע דערשראקענע אויגן, זיינען זיי שטארק אראפגעפאלן ביי זיך, באקומענדיק אט א דעם איינפאכן ענטפער:

— ער איז שוין ווי לאנג צום טייך אוועק!...

די שלוחים האבן זיך מיט די בליקן איבערגעווארפן, און ר א מ י ר ע ז, אלס פאטער פון דעם איינפאל און גרייט פון אלעם אנטציקט צו ווערן, האט באלד אויסגערופן שטארק באגייסטערט:

— וואס פאר א מענטש דאס איז?

— א מאן פון פ ל ו ט א ר כ'ס מענער, — האט ט ר א ס י א צוגעגעבן מיט זיין געוויינלעכער התלהבות, און, שווייגנדיקע, האבן זיי זיך ביידע געלאזט גיין אין דער ריכטונג צום טייך, דעם דערלייזער אופצווזוכן.

קומנדיק צום ברעג פון דער לאגונע, האבן זיי אים געפאקט. אפן זאמ־דיקן פלאץ, הארט ביים וואסער זיינען געשטאנען די צוויי וועגענער מיט די וואסער־פעסער. אין דער אייגענער רגע, האט א געזונטער בחור, זיך געטון א זעץ ארוף אף די קאזלעס פון איינעם פון זיי, און גענומען שמייסן די דריי איינגעשפאנטע מולעס וואס האבן קוים גערירט, קארטשנדיק זיך

און קייכנדיק, און זינקנדיק מיט די פארשפיצטע פיס אינם זאמד אריין.

די פאליטיקער אונזערע זיינען גלייך צום אלטן צוגעגאנגען און אים באגריסט מיט א העפלעכן:

— „בוענאס דיאס, דאן ווירכיניא".

— „גוענאס" — האט יענער אפגעענטפערט, עטוואס איבעראשט פון דער אומגעוויינלעכער העפלעכקייט פון די געסט, און האט זיי געוויזן די פלייצע.

— דאן ווירכיניא! — איז טראסיא צוגעשטאנען, — מיר האבן מיט אייך צו ריידן פון זייער אן ערנסטן ענין.

— אן ערנסטן ענין? — האט דער אלטער, א דערשראקענער, איבער־געפרעגט, רעכענענדיק, אז דער וויכטיקער ענין איז אוואדע עפעס א „מולטע", וואס מ'וויל אף אים ארופלייגן פאר עובר זיין אף וואסערער ניט איז פון די אומצייליקע מוניציפאלע פארארדנונגען, וואס נאר דער אינ־טענדענט און דער קאמיסאר האבן געוואוסט פון זיי.

— זייער אן ערנסטער: עטוואס אזוינס, וואס האט א אינטערעס פאר אייך און פארן פאטערלאנד.

דאס דערהערנדיק, האט דער וואסער־פירער א פאר גרויסע אויגן אויס־געשטעלט; אז דער גורל פונם פאטערלאנד און זיין אייגענער גורל זאלן קענען האבן צווישן זיך עפעס א שייכות, איז ביי אים אויסגעקומען די גרעסטע שטות'עריי, און דאס האט אים נייגעריק געמאכט. אזוי ווי די זון האט שוין אנגעהויבן צו שרפ'ען, האט ער זיי פארבעטן אונטערן שאטן פון די ווערבעס, וואס זיינען ביים טייך געוואקסן. דארטן שוין, האט, נאך א מאיעסטעטישער פויזע, דער אפטייקער זיך אנגערופן:

— איר ווייסט, דאן ווירכיניא, אז זיי טיראניזירן אונז אף דעם ני־דערטרעכטיקסטן אופן — די „גרינגע"...

— כ'ווייס נישט, „נא סעניאר"!... איך פארשטיי נישט קיין פא־ליטיקע.

— זיי טיראניזירן אונז, יא: זיי זיינען אונזער שאנדע, אונזער שמאך זיינען זיי, און ס'איז שוין דער מאמענט געקומען, אז דאס פאלק...

— אויב ווענן וואטירן, איז — איך וואטיר נישט... זעט איר, דאן:

איך פארקויף וואסער אייך, און דעם קאמיסאר און דאן פאקונדא'ן און דעם קאפיטאן און אלעמען, און איך האב נישט פארוואס עסקים צו פארפירן מיט קיינעם נישט.

— נישט אין דעם גייט עס... דערוויל.

— א! אויב אזוי...

— עס גייט בלויז אין דעם, אז ענדלעך זאל ווערן געטון גערעכטיקייט, עס זאלן אנערקענט ווערן יערנס פארדינסטן און... איר זיינט געווען אין פאראגוואיער מלחמה?

— געווען — האט דער אלטער געענטפערט אן באגייסטערונג.

— מיר האבן דאס געוואוסט. איר האט פארן פאטערלאנד אייער בלוט פארגאסן. איר זייט א גלאררייכער העלד געווען, וואס האט פארדינט געאכט און געשטיצט צו ווערן. און וואס האבן זיי פאר אייך געטון? — גארנישט!... א מאן וואס וואלט באדארפט פון א מעמד געניסן, אז עס זאל זיין וואס מקנא צו זיין, וואס וואלט באדארפט באלוינט ווערן מיט כבוד, איז געצוואונגען אף די עלטערע יארן צו פארנעמען זיך מיט א גראבער, גארנישט בכבוד'יקער ארבעט, כדי צו פארדינען דאס שטיקל ברויט פארן הויזגעזינד... דאס איז שענדלעך!...

— און דאס מיינט? — האט דאן ווירכיניא ארויסגעברומט.

— דאס מיינט, אז איר, און אלטע גלאררייכע רעליקוויע, דארפט איר, מוזט איר, זיין געערט, געאכטעט און געשטיצט פונם דאנקבארן פאטער־לאנד... צוליב דעם זיינען מיר דאס טאקע געקומען, מיטן באגער צו מאכן א סוף צו אט דעם פארדריסלעכן און פיינלעכן אומרעכט...

טראסיא, וואס האט זיך שוין גענומען לאנגווייליקן פון אזויפיל שווייגן, איז ארייגעפאלן אין די רייד:

— ווי א נייער צ י נ צ י נ א ט א . . .

— דו שווייג! — האט ראמירעז זיך א בייזער געטון. — מיר האבן זיך פארנומען, ווי איך האב שוין געזאגט, אייך צו ברענגען אף דעם פלאץ, וואס אייך קומט פאר אייער טוגנד און אייערע פארדינסטן, פאר די אומ־צייליקע לייסטונגען אייערע דער מלוכה, צוליב דעם אלגעמיינעם רום, וואס אין אייך איז פארקערפערט, צוליב דעם וואס דער פרעסטיזש פון אייערע

העלדנטאַטן קען אופטון, — אוועקשטעלנדיק אַ צאַם פאַר דער כוואַליע פון חוצפה'דיקער פאַרדאַרבנקייט, וואָס דראָעט אַלעם צו פאַרפלייצן.

דאָ ז וו י ר כ י נ י אַ, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען קיין אות פון דער גאַנצער דרשה דעם אַפּטייקערס, האָט אַ זאָג געטון, מיט דער דעה אַפּצושנייַדן דעם שמועס:

— זאָל שוין זיין... עס ווערט שפּעט, און איך דאַרף נאָך דאָס וואַסער צופירן.

— איין רגע, „אַמיגאָ", איין רגע! — האָט ראַמירעז אויסגערופן, און עס איז אים געלונגען דעם וואַסער־פירער צו פאַרהאַלטן.

### III.

דאָ איז נויטיק צו דערציילן ווער דאָס איז געווען אָט דער ווירכיניאַ סעפּולוועדאַ.

ער איז אוואַדע געווען כמעט אין איין עלטער מיט דעם שטעטל, אין וועלכן עס איז אפילו קיין הונט נישט געווען, וואָס זאָל אים נישט קאַנען. זיין לעבנסגעשיכטע איז געווען אַ גאַנץ איינפאַכע. זיין קינדהייט איז דאָרט פאַרביי, העלפנדיק דעם טאַטן זיינעם, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער מלאכה פון אַ וואַסערפירער. עס איז אונטערגעקומען די מלחמה פון פּאַראַגואַי, און ווירכיניאַ איז געווען געצוואונגען צו גיין, אַז אַ ברעקל חשק, וואָרום נישט דער פּאַטריאָטיזם האָט אים שטאַרק געקיצלט, נישט ער האָט עפּעס אַ נטיה פון אַ קריגס־העלד געהאַט. ער איז געגאַנגען, פּונקט ווי אַ סאַך אַנדערע, געצוואונגענערהייט, פלוכנדיק די מלחמה, וואָס האָט אים פון זיין רואיקער היים אַפּגעריסן, כדי אים צו פאַרטאַכן אונטער אַ שטרענגער דיסציפּלין און אונטער פלאַגן און געפאַרן פון אַ לאַנגן קאַמף.

ביי איינעם פון די ערשטע צוזאַמענשטויסן איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן אין פּנים. אַ פּאַראַגוואַיער קויל האָט אים צעקאַליעטשעט די נאָז, אַרויסשמייסנדיק אים פונם שלאַכט־פּראָנט. די אַרמיי האָט פאַרטגעזעצט איר בלוטיגן אַוואַנס, נאָר אונזער „ענטרעריאַנאָ" האָט, נאָך עטלעכע חדשים אָפּזיין אין לאַזאַרעט, אַ דערלויבעניש באַקומען אומצוקערן זיך אַהיים, ווערנדיק דערקלערט פאַר אומנוצלעך אין דינסט.

ווירכיניא איז כמעט ווי צופרידן געווען מיט דער וואונד, וואס האט אים צוריקגעקערט צו דער געמיטלעכקייט און פרייהייט אין זיין האלב־ווילדן אייגן ווינקעלע, און עס האט אים ווייניק וואס געקימערט דער מיאוסער שראם אפן פנים אף זיינעם, וואס איז אן דעם אויך נישט איבעריק חנ׳עוודיק געווען.

א זייער מיסטרויִלעכער צו מענטשן, איז ער צומאל היינגעריסן געווארן פון דער אימפאטענטער ליידנשאפט פון די שעמעוודיקע, נאר קיינמאל איז עס נישט אוועק ווייטער פון א רגע׳דיקן ווייטיק, וואס איז תיכף געשטילט געווארן מיט דעם זאלב פון זיין פאנצער־חיהשער פילא־זאפיע, וואס האט אלעם מקבל באהבה געווען. ער האט צומאל וואסערע ס׳איז פרוי באגערט, פון זיי אלעמען וואלט ער אמאל חשק געהאט אויס־צוקלייבן זיין באשערטע באגלייטערן און זי ביי זיין זייט איינשפאנען אינם לעבנסיאך. נאר א נישט באמערקטער, א נישט געזוכטער, און מורא האבנדיק פאר אן אפזאג, האט ער זיי געלאזט פארבייגיין אן דער מינד־סטער תנועה, נישט וואגנדיק צו בעטן זייער ליבע; לסוף האט ער איינע גענומען, די ערשטע, וואס האט אים ארויסגעוויזן א ביסל סימפאטיע. דער שדוך איז פאר אים אפשר נישט געווען צו דער מאס, ס׳האט אים אפשר אביסל געקריינקט, נאר ער האט אלעם אנגענומען אן פראטעסטן, אזוי ווי ער האט אן שום פראטעסטן געהאט אנגענומען, מיט יארן צוריק, דעם אוניפארם, וואס מען האט אים געגעבן, און וואס האט אים אויך ניט גע־פאסט אזוי גוט, און דעם ביקס, וואס האט אים נאך ערגער געפאסט. זי איז נישט געווען קיין שיינע, נישט קיין יונגע, נישט גאר קיין ליבנס־ווירדי־קע, די פרוי זיינע. נאר, זיינען דען די ארימע לייט נישט געוואוינט תמיד און אין אלעם זיך צופרידנצושטעלן מיט ארטיקלען פון ערגערן סארט?.. דער ארימאן מוז, מער ווי א העלדישע נשמה, א העלדישן מאגן האבן.

ו ו י ר כ י נ י א ׳ ן האט יעדע נייע ענדערונג געשראקן. ער האט ניט פארשטאנען די נויטווענדיקייט פון בייטן פירעכצן און מנהגים. דאס גוטע און דאס שלעכטע, דאס דערלויבטע און דאס פארווערטע, דאס אנגענעמע און דאס אומאנגענעמע, דאס נוצלעכע און דאס אומנוצלעכע, זענען פארגע־

שטעלט געווען גייסטיק אין מאָדעלן ווי פון שטיין אויסגעהאַקטע, פעסטע און אומפאַרענדערלעכע: די פויגל וואוינען שטענדיק אין די זעלביקע געגנטן, קליידן זיך אייביק אין די אייגענע פעדערן, נעסטן שטענדיק אויף די זעל־ביקע ביימער. אויב זיי טוען דאָס אַזוי, אַלץ אינם אייגענעם טאַקט, פון דור־דורות אָן, זייט דער אַנטשטייאונג פון זאַכן און וועזנס, איז דאָס דען קיין באַווייז נישט, אַז זיי טוען גוט? צו וואָס אַלזאָ זאָל מען בייטן?.. גאָט האָט באַשאַפן אַ ברוינעם דעם „סאַביאַ" און אַ רויטן דעם „טשורינ־טשע" און אויב ער האָט זיי אַזוי באַשאַפן, איז עס דערפאַר, וואָס אַזוי האָבן זיי באַדאַרפט זיין, און עס האָט דעריבער נישט קיין זין צו נעמען בייטן די הלבשה, די מנהגים, אָדער די היים.

ער, ווירכיניאַ, האָט זיין הלבשה קיינמאָל נישט געביטן. זיין טאַטע איז זיין גאַנצן לעבן געגאַנגען אין אַ לייוונטענעם העמד, אַ וואָלענעם „טשיריפּאַ", געפּרעגזטע אונטערהויזן און מיט באָרוועסע לאַפּעס. אַזוי האָט ער זיין וועלטל אָפּגעלעבט אויף דער ערד; און אַז ער איז רוען אַוועק אין דער ערד, אין אַ סאָסנאַוון קאַסטן באַהאַלטן, איז ער אויך אַוועק אָט אַזוי, מיט דעם לייוונטענעם העמד, דעם וואָלענעם „טשיריפּאַ", די געפּ־רעגזטע גאַטיעס און מיט באָרוועסע פיס. זיין טאַטע איז אַלע יאָרן געווען אַ וואַסערפירער, און האָט תמיד געלעבט אין דער זעלביקער ראַנטשאָ. ער, ווירכיניאַ, האָט אין אַלעם ווייטער געצויגן די טראַדיציע פון זיין טאַטן.

ס'איז אים געווען גוט אָט אַזוי, ער איז גליקלעך געווען. ער האָט געהאַט דריי וועגענער, צוועלף מולעס און אַ גוטע געמיינדע. קיינמאָל האָט אין זיין ראַנטשאָ נישט אויסגעפעלט אויף „פּוטשעראָ". זיין ווייב און זיינע צוויי טעכטער האָבן געלעבט זייער צופרידן. עס האָט זיי גאָרנישט געפעלט. זיי האָבן זיך גליקלעך געפילט, באַטראַכטנדיק און אָננעמענדיק די קליינע אומפאַרמיידלעכע אומאַנגענעמלעכקייטן אין לעבן, אַזוי ווי די שטורעמס, די געוויטערן, די טרוקענישן, דעם האָגל, אָדער די פרעסט: דאָס איבער־נאַטירלעכע, דאָס אַרויפגעצוואונגענע פון אויבן, מיט אומדערקלערבאַרע צוועקן.

אָט אַזוי איז ער געווען, דער דאָזיקער מאַן, וואָס די דעלעגאַטן פון דער „געלער פּאַרטיי" האָבן אים געוואָלט אַריינקריגן אויף זייער צד, איינ־

ריידנדיק אים צו פארבייטן זיין רואיק לעבן פון א „וויסקאטשע" אף דעם ווירבלדיקן לעבן פון די פאליטישע באוועגונגען.

ס'איז דעריבער גאנץ לייכט צו פארשטיין, אז די שלוחים האבן מיט זייערע האניק־זיסע רייד גארנישט געפועלט. זיי האבן אים נישט געזאגט וואס זיי ווילן פון אים, אז ער זאל טון; נאר דאן ווירכיניא איז פון אנהויב אן געווען פעסט אנטשלאסן נישט צו טון גארנישט, וואס זאל זיך אונטערשיידן פון דעם, וואס ער האט געטון ביז דענסמאל. זיי האבן אים דערקלערט זייער אפזיכט צו פארמיידן אומרעכטן און פארבעסערן זיין לאגע און די לאגע פונם פאטערלאנד. נאר דאן ווירכיניא האט איינגעפונען, אז זיין לאגע איז גארנישט געווען שלעכט, אזוי ווי זי איז; און בנוגע דער לאגע פונם פאטערלאנד, איז די זאך אים נישט באקאנט און ער האט נישט פארוואס צו מישן זיך אין אזעלכע זאכן, וואס נישט ער פארשטייט זיי, נישט זיי גייען אים אן; אינם שטעטל — דאס אינציקע אין דער וועלט וואס איז אים באקאנט — איז אלעס צוגעגאנגען ווי תמיד, און דערפאר טאקע איז דאס גוט געווען: עטלעכע געציילטע האבן „מאנדירט" און אלע איבעריקע האבן געפאלגט וואס מען הייסט זיי, אזוי ווי עס באדארף צו זיין, ווי ס'האט ס'גאנצע לעבן פאסירט. וואס וואלט די איינוואוינערשאפט געוואונען ווען אנדערע זאלן שוין הערשן, אנשטאט די, וואס האבן געהערשט?

טראסיא האט געפרואווט ארוים מיט א „קאסטעלארישער" דרשה; נאר דער אפטייקער, א מער פראקטישער פון אים, האט אים אפגעהאקט דעם ווערטער־שטראם און האט זיך אנגערופן צום אלטן וואסערפירער, ווי אף צו נעמען אפשייד פון אים:

— זייט וויסן, דאן ווירכיניא, אז מיר זענען נישט געקומען עטוואס בעטן ביי אייך, נאר אייך מודיע צו זיין, אז מיר זענען גרייט צום קאמף, כדי גוט צו מאכן דעם קאלעקטיוון אומרעכט, וואס איז אייך באגאנגען געווארן, קענען אייך, דעם לעבעדיקן עדות פון אונזער רומפולער פארגאנגענהייט.

— זעט נאר, דאן אפטייקער, איך...

— א, גארנישט, גארנישט!.. איר האט גארנישט וואס צו זאגן אונז. אונזער ריינער מענשלעכער און פאטריאטישער געוויסן האט שוין אונז

אנגעצייכנט דעם ריכטיקן וועג: אַף אים וועלן מיר גיין אַן וואַקלעניש־ און אַן מורא. די גערעכטיקייט פון דער געשיכטע פאַרזאַמט זיך צומאָל, נאָר לסוף קומט זי פאָרט!.. צום גיכן ווידערזען, דאַן ווירכיניאַ!

— „אַדיאָסיטאַ, סעניאָר".

— העלד אין קריג און העלד אין פרידן, איך באַגריס דיך! — האָט אויסגערופן דער צייטונגס־שרייבער.

— ריכטיק! — האָט ראַמירעז באַשטעטיקט—און האָבנדיק די הסכּמה פון זיין קאָלעגע, האָט טראַסיאַ אַפּגעלאָזן די לייצעס פון זיין פלוידער־פערד, און האָט פאַרטגעזעצט:

— מיר וועלן אונזער העכסטע נאָבעלע אויפגאַבע אין לעבן פאַרווירק־לעכן, מעג זיך אפילו דער הימל אַף דער ערד לייגן, מעג אפילו... — —

— באַסטאַ! האָט ראַמירעז באַפוילן, און די פראַזע איז פאַרגליווערט געבליבן אַף דעם רעדנערס ליפּן. און אַזוי ווי דער האָט אים אָנגעקוקט, בייז און פאַרוואונדערט, האָט ער אים צוגעוואונקען מיט אַן אויג, האָט אים אונטערן אָרעם געכאַפּט, און נאָך אַ צערעמאָניאַלן אַפּשייד, האָבן זיי זיך גענומען אין וועג אַריין, איבערלאָזנדיק דעם אַלטן אַליין, אַ פאַר־טראַכטן, דאַרטן, אונטער דער ווערבע דער צוצווייגטער.

## IV

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט דער אָרגאַן פון דער „געלער" פּאַרטיי, „דאָס געשריי פונם פּאַטריאָט", געבראַכט אַ לייט־אַרטיקל אַף דריי שפּאַלטן, קאָמענטירנדיק דאָ אין קורצנגעפּאַסטע, ווי אין שטיין אויסגע־האַקטע פראַזן, און דאָ אין איראָנישע שאַרפע זאַצן, דאָס פאַרברעכערישע פאַרגעסנקייט און פאַרוואַרלאָזטקייט, אין וועלכע מען האָט פאַרלאָזט דאַן ווירכיניאָ סעפּולוועדאַ'ן, דעם העלד, דעם פּאַטריאָט, וואָס האָט זיך איצט אַנטפּלעקט אַזוי גרויס אין זיין שטילער באַשיידנקייט, פּונקט ווי ער איז דאָס אַמאָל, אַף דעם בלוטיקן שלאַכט־פעלד געווען.

דער אַרטיקל האָט געמאַכט אַ רושם. דער וואַסערפירער האָט אָנגעהויבן ווערן צוערשט אַן אָביעקט פון נייגעריקייט, פון מיטגעפיל נאָכדעם, פון באַוואונדערונג שפּעטער. די העכסטע פּני פונם שטעטל האָבן אים אָנגע־

הויבן צו גריסן, ארונטערציענדיק דעם הוט מיט יראת הכבוד, די פרויען האבן צו אים געשמייכלט; א גרויסע טייל פון דער באפעלקערונג האט ביס־לעכווייז באקומען א מין פארגעטערונגס־געפיל פארן פאטריארך.

ט ר א ס י א, פון זיין זייט, האט פון די שפאלטן פון „דאס געשריי פונם פאטריאט" פארטגעזעצט זיין גלענצנדיקן קאמף לטובת דער פאר־גיטיקונג פונם באגאנגענעם אומרעכט. אין א טאג, איז דערשינען אויף דער ערשטער זייט פונם בלאט דאן ווירכיניא'ס בילד, א גרויס בילד פון דאן ווירכיניא'ן, א גרויס בילד מיט דער דאזיקער אויפשריפט: „צום כבוד פונם העלד".

פון דעמאלט אן, איז ער שוין מער נישט געווען „דער אלטער וויר־כיניא", „ווירכיניא סעפולוועדא" און אפילו נישט „דאן ווירכיניא"; מען האט אים פשוט גערופן „דער העלד", און טאג־טעגלעך האט מען אים אנ־געטון גרויס כבוד, וואס האט זיך אויך אויסגעשפרייט אויף זיין באשיי־דענער פאמיליע — זיין ווייב און זיינע צוויי טעכטער, וועלכע האבן קיינ־מאל נישט „פארקערט". עס זיינען געווען קאנפערענצן, פאלקס־מאניפעס־טאציעס און אפילו א מוזיקאליש־ליטעראַרישער אָוונט, געווידמעט דעם כבוד פונם ארטיקן „פראָסער".

און דאן ווירכיניא?

דער ארימער אלטיטשקער האט גענוג געקעמפט, נישט קענענדיק בשום אופן איבערצייגן זיך, אז ער איז באמת א העלד; נאר ער האט נישט גע־קענט ביישטיין קעגן דער אנטשלאסנקייט פון א גאנצן שטעטל. חוץ דעם, האט זיין ווייב און די טעכטער זיינע, געשמייכלט פון דער אופמערקזאמ־קייט וואס מ'האט זיי ארויסגעוויזן, כסדר איינגעג'טענה'ט מיט אים און האבן אזוי לאנג דעם קאפ פארדולט דעם אלטן וואסערפירער, ביז ער האט אופגעגעבן זיין העלדישן ווידערשטאַנד און האט איינגעוויליקט צו פאר־בייטן זיין הלבשה, וואס ער האט זיין גאנץ לעבן געטראגן, אף א שטאָ־טישן אנצוג: הויזן, א זשילעט און א שווארצן ראָק, א ווייס העמד און א קאלנער מיט א קראַוואַט... און האט אויך אנגעטון שיך.

אזוי ווי דעם גאנצן טאג און א טייל פון דער נאכט איז ער געווען געצוואונגען צוצובריינגען אין פארזאמלונגען, שפאצירן, אונטערהאלטן, אין

קאמיטעט און אין קאפע־הויז, האט ער געמוזט צונעמען א פעאן אף צו העלפן סאנטיאגא'ן פאנאנדערפירן דאס וואסער. סאנטיאגא, א בחורל וואס האט זיך ביי אים אויסגעהאדעוועט, עפעס מער ווי א פעאן, עפעס ווינציקער ווי א מיטגליד פון דער פאמיליע, איז געווען דער איינציקער וואס האט פראטעסטירט געגן די ארופגעצוואונגענע ענדערונגען דורך די לעצטע געשעענישן אין שטוב פון זיין פאטראן. אים האט דאס אלעס גארנישט געשמעקט, פאראויסזעענדיק ליידן און טרערן נאך דעם איבערפלוס פון מאמענטאלער פרייד. נאטירלעך, ער האט אלץ געזען און געשוויגן. ער האט געזען ענדערן זיך די באשיידענע געוואוינהייטן פון שטוב. דאס געלט איז אוועק אף „טראכעס" פאר די מיידלעך, אף פוץ... אפילו א הוט האט מען שוין געטראגן!.. ער האט געשוויגן, און דאן ווירכיניא, כדי ארויסצומאכן זיך פונם שטומען פארוואורף, וואס ער האט ארויסגעלייענט פון די אויגן פון זיין האדעוואניק — אים געבנדיק גערעכט — האט מיט אים געשפילט א ברוגז און האט אויסגעמיטן מיט אים זיך צו טרעפן.

די געשעענישן האבן דערוויל שנעל אנגעיאגט. די שפעט געקומענע גאווה האט ביז צום פלאצן אנגעפילט דעם אלטן לאנדסמאן, וואס האט זיך דערזען אלס מיטלפונקט פון די רעדלאך אין קאפע־הויז, וואס האט שפאצירט געארעמט איבער די גאסן פון שטעטל מיט די פארנעמסטע לייט; וואס איז געזעצט געווארן אויבנאן אף באנקעטן און פארזאמלונגען און וואס האט אלע דאנערשטאג געהערט פארלייענען די דיפיראמבען, מיט וועלכע עס האט אים מכבד געווען „דאס געשריי פונם פאטריאט". און ער האט שיר נישט פון גאווה געפלאצט, זעענדיק ווי די חשוב'סטע פאמיליעס פונם שטעטל ווייסן גארנישט וואס צו טון איבער זיין „אלמער" און די טעכטער זיינע, און ווי צו חנפ'ענען זיי.

אט דער נייער ארט לעבן האט געפאדערט גרויסע הוצאות. אז עס האט זיך אויסגעלאזט דאס ביסל מזומן, האט דער ה ע ל ד זיך געזען געצוואונגען צו פאר'משכנ'ען צוערשט זיין ראנטשע, און שפעטער, זיינע וועגענער און זיינע מולעס. נאר, וואס האט עס פאר א ווערט?.. איז אפשר דאס פאטערלאנד, וואס מוז דאך לסוף זיינע לייסטונגען און קרבנות אנערקענען, נישט אנטשלאסן אים פאר אלעס צו באלוינען?.. זיינע גוטע פריינט

פונם „קאמיטע'' האבען דאס אים פארזיכערט הונדערטער מאל.
דערוויייל האט ער טריאומפירט.

ס א ל א ר י, דער רומפולער קאפיטאן ס א ל א ר י, וואס זיין גרויסער שם האט פריער פול געמאכט די גאנצע געגנט, איז מיטאמאל ארונטערגעשליידערט געווארן פון זיין פעדעסטאל. ס א ל א ר י איז שוין גארנישט ווערט געווען אנטקעגן דעם העלדישן קריגער, וואס האט אויף זיין פנים געטראגן די קלארע סימנים פון זיין פאטריאטיזם און העלדנמוט. די איינצעלנע ווערטער, וואס דער „פראפעסאר'' פלעגט זעלטן ווען ארויס־ריידן, פלעגן פארטייטשט און אויסגעטייטשט ווערן מיט א רעליגיעזער התלהבות. די עלעגאנטסטע בחורים האבן זיך צו זיינע טעכטער גע'שדכנ'ט. די גלאריע האט געלויכטן מיט איר גאנצער פראכט איבערן גראען קאפ פונם ארימען וואסערפירער. די גאנצע באפעלקערונג האט געליטן פון דער אנ־שטעקונג, און אפילו די געגנער זיינען געצוואונגען געווען ארויסצעווייזן דורך א ווילד־גרימיקער שנאה, די אויבערמאכט פון דעם ארימען פאטרי־ציער, וואס זיין סטאטוע דארף אמאל זיך דערהויבן ביי די ברעגן פונם שיינעם מאקארעטא. דער פולער נצחון, די פולשטענדיקע באפרידיקונג, איז געווען שוין גאר נאענט.

נאר איין ס א נ ט י א ג א — ס א נ ט י א ג א, וואס האט געליבט ל ו א י ס א ' ן, דאן ווירכיניא'ס אינגסטע טאכטער — האט זיך ארומ־געטראגן מיט פעסימיסטישע געדאנקען. און אן פראטעסטן און אן דערווי־דערונגען, וואס ער האט געוואוסט, אז זיי וואלטן סיי ווי ניט געהאלפן, האט ער אלע כחות אנגעשטריינגט צו פארריכטן ווי ווייט מעגלעך די חורבנות, וואס די אלגעמיינע פארווירונג האט געמאכט אין יענער ערשט נישט לאנג געמיטלעך געוועזענער היים.

## V

ס'איז אנגעקומען דער פייערלעכער אקט פון די וואלן. די „געלע'' וואס האבן שוין ווי אין קעשענע געהאט א גוואלדיקע שטימען־מערהייט, האבן זיך געהאלטן חוצפה'דיק, פארשווענדעט געלד אסאך אף מאלצייטן, באמבעס און פייערווערק, פרייענדיק זיך פאראויס מיט דעם זיכערן נצחון.

ס א ל א ר י' איז צושמעטערט!.. דער בארימטער ס א ל א ר י' איז אין דער ערד אריין!..

ענדלעך האבן רעכט און גערעכטיקייט געזאלט זיגן!..

געזאלט זיגן!..

נאר עטוואס האט געפעלט. דער „גרינער" קאציקע האט געארבעט שטילערהייט, אבער ער האט געארבעט. ער איז נישט געווען פון די מענטשן, וואס זאלן זיך לאזן גלאט אזוי בארויבן פון דער אויבערמאכט, פון וועלכער ער האט ביז דעמאלט גענאסן! ער איז אויך נישט געווען פון די מענטשן, וואס וועט גיין פארלירן צייט אף קאנפערענצן, מאניפעסטאציעס און צייטונגס־ארטיקלען, בעת אים צו הילף איז געשטאנען די פאליציי, די רעגירונג מיט איר שטיצע און א פיין בינטל גוטע ברידער מיט פיסטוילן און מעסערס. — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אפן אנדערן טאג זיינען די צייטונגען פון דער הויפטשטאט פול געווען מיט „די סקאנדאלן פון „מ א ק א ר ע ט א". די אפאזיציע איז באזיגט געווארן דורך דער ארייננמישונג פון דער מאכט, דורך דעם „מאטשעטע" פון דער פאליציי און דורך די רעוואלווערס און קינזשאלן פון די געדונגענע מעדדער פונם הויפטלינג ס א ל א ר י. נישט קוקנדיק אויף דער מוטיקער האלטונג פון דער באפעלקערונג, איז פונדעסטוועגן די זאך אינגאנצן פארשפילט געווארן. נאך א גליק, וואס מען האט נישט געדארפט באדויערן קיינע פערזענלעכע אומגליקספאלן.

וואס פאר א חורבן! און וואס פאר א דערשלאגנקייט!.. דער איינציקער, וואס איז א גאנצער ארויס, איז געווען דאן ווירכיניא. גאנץ פרי איז ער אוועק מיט א באזוך צום „עסטאנסיערא" דאן ס ע ס א ר ע ר א. נאר דאן ס ע ס א ר ע ר א איז פארטאג נאך אפגעפארן אויף זיין גוט, געבנדיק זיך אליין א שבועה מער נישט צו מישן זיך אין פאליטיק, מיט, אדער אן העלדן. איז ער אוועק אהיים צום אפטייקער, נאר יענער האט אים אופגענומען מיט אן אייז־קאלטער גלייכגילטיקייט, דערקלערנדיק אים, אז ער קאן מיט אים נישט פארברענגען, ווארום ער איז שטארק פארנומען — ער דארף מאכן פילן פאר א פריילין, וואס קער זיך אן דעם הער אינטענדענט א לייבלעכע

גלידשוועסטערקינד. טרויעריק און פארטראכט האט זיך אונזער העלד געלאזט גיין אין דער דרוקעריי פון „דאס געשריי פונם פאטריאט". די דרוקעריי איז אבער געווען געשלאסן. א אינגל פון דער דרוקעריי האט אים דערציילט אז צוליב דעם, וואס דאן סעסארעא האט צוריקגעצויגן די סובסידיע, וואס ער פלעגט ביז דאן שיינקען, וועט דאס בלאט מער נישט דערשיינען. וואס אנבאלאנגט דעם דירעקטאר, ע ו מ ע נ י א ט ר א ס י א, פארט ער נאך היינט גופא ארויס אין דער הויפטשטאדט, מיט א רעקאמענדאציעבריוו פונם קאפיטאן סאלארי', אז מען זאל אים פארשאפן א פאסטן אלס שרייבער אין דער פאליציי־שעפאטור.

דער ה ע ל ד האט נישט געקענט גאר באגרייפן דעם גרויסן חורבן. פון דער נאטירלעכער איבעראשונג פאר זיינע אלע פאנטאזיעס, האט זיין מוח נישט געקענט באנעמען דאס געשעענע. ער האט זיך אויך נישט די מי געגעבן צו פארשטיין דאס. די אייגענע נאכט נאך איז ער זיך גאנץ רואיק איינגעשלאפן, פארוויגט פון זיסע חלומות.

פונדעסטוועגן, האט ער אין די נעקסטע עטלעכע טעג זיך געמוזט אונטערגעבן דער ווירקלעכקייט. עס איז שוין נישט געווען פאר אים קיין ערן־אופנאמעס און קיין כבוד. איז ער מיט זיין פאמיליע געקומען מיט א באזוך אין הויז פון א בכבוד'יקער פאמיליע... אינדערהיים נישטא!.. איז ער געגאנגען אין קאפע־הויז אריין, האבן די באזוכער זיך ארויסגעגליטשט, נישט רײדנדיק צו אים קיין ווארט; אין יענע צוויי טעג איז זיין גאנצער פרעסטיזש צופאלן געווארן ביזן גרונט, אז עס איז קיין איין ציגל א גאנצער אפן פלאץ נישט געבליבן; פארשוואונדן מיט דער זעלביקער שנעלקייט, ווי געקומען. זיין לעבן, וואס איז פריער א גליקלעכס געווען אין דער פאר ליבע אנגענומענער ארימקייט זיינער, איז געווארן נישט צום אויסהאלטן. זיין ווייב און קינדער האבן צו אים טענות געהאט, אים פאראנטווארטלעך געמאכט פאר דעם געליטענעם אומכבוד, און צו דעם אלעמען, איז זיין עקאנאמישע לאגע געווען א פארצווייפלטע. פארזעצט די שטוב, די וועגענער און די מולעס, און ער וועט שוין באלד נישט האבן מיט וואס צו ארבעטן, מיט וואס צו פארדינען דאס שטיקל ברויט פאר זיין הויזגעזינד, וואס האט אין דער פריערדיקער באשיידנקייט געלעבט גליקלעך און צופרידן. צוליב זיין

בארימטקייט אין משך פון קנאפע עטלעכע וואכן, וועט ער איצט מוזן פילן דעם דלות און אפילו די פאראכטונג פון די זייניקע, אין די לעצטע טעג פון זיין מיזאמען לעבן.

אומגליק, אומגליק! דער ארימער אלטער, וויינענדיק ווי א קינד אין א מאמענט פון פארלעגנהייט, האט זיך איבערצייגט, אז ער איז נישט געווען פונם שטאף פון א העלד, נישט קוקנדיק אף דעם וואס ער איז גע־ווען אין פאראגוואיער מלחמה און נישט אכטנדיק אויף דער וואונד, וואס האט אים די נאז צעפלעטשט.

אין רעכטן ברעג פון א שטורמדיקער פאמיליען־סצענע, ווען דער אומ־גליקלעכער אלטער איז געווען פארצווייפלט ביזן העכסטן גראד פון די דראונגען, דער פאראכטונג און די פארווארפן פון די זייניקע, איז ס א נ ־ ט י א ג א צוגעקומען, מיט דעם הוט אין האנט, העפלעך און באשיידן ווי אלעמאל.

— „פאדרינא‟ — האט ער א זאג געטון מיט אן אומזיכערן קול — מען דארף זיך נישט אזוי נעמען צום הארצן. די היפאטעקע פון דער שטוב האב איך געהויבן, מיט מיין אפגעשפארטן געלט, און די וועגענער... האב איך דאס אף זיי ס'געלט געגעבן!.. זיי זענען איצט אויך אייערע, „פאדרינא‟!..

דאן וו י ר כ י נ י א איז א ווײלע שטיל געבליבן. נאכדעם האט ער זיך געווארפן אין די ארעמס פון זיין הארעוואניק, אויסרופנדיק:

— דער ה ע ל ד, דער אמת'ער איינציקער העלד, ביזטו, סאנטיאגא!

און תיכף האט ער זיך געווענדעט צו די שטוביקע מיט א באפעלנדי־קן טאן, וואס ביז דאן האט פון אים קיינער אזא נישט געהערט:

— ברענגט מיר דעם „טשיריפא‟, דאס לייוונטענע העמד, די גע־פרענזטע אונטערהויזן!.. ערשט איצט וועל איך ווערן א העלד!..



# טערז־טעראַ

דאָן סיריאַקאָ פּאַלמאַ, אַ רייכער גוטבאַזיצער, האָט פאַרמאָגט צוויי „עסטאַנסיעס" אין דעפּאַרטאַמענט סעררא לאַרגאַ: איינע ביים אַסעגוואַ און נאָך איינע ביים ריאָ נעגראָ, אַ מהלך פון פופצן קילאָמעטער, לערך, איינע פון דער אַנדערער. זיין רעזידענץ ביים אַסעגוואַ איז באַשטאַנען פון אַ שווערער, מאַסיווער, שטיינערנער געביידע, אַן אַרט פעסטונג צו שיצן זיך קעגן רויבער. דאָרט פלעגט ער פאַרברענגען דריי פערטל טייל פון יאָר, אין געזעלשאַפט פון זיין טאָכטער קאַמילאַ, די איינציקע פרוכט פון זיין הייראַט מיט רודעסינדאַ פוענטעס — אַ וואוילע דאָרפס־פרוי, וואָס איז, ווי דער דאָקטאָר האָט פאַרזיכערט, געשטאָרבן פון שווינדזוכט, און ווי לייט האָבן געשמועסט — פון אַ קריינק, וואָס דער מאַן האָט איר צוגעטיילט. מען האָט דערציילט אין דער נאָכבאַרשאַפט, אַז רודעסינדאַ פלעגט תמיד זיין שרעקלעך אייפערזיכטיק, און דאָן סיריאַקאָ — כסדר שטאַרק פאַרליבט, אַף אַזוי פיל, אַז אין יעדער ראַנטשאָ פון זיינע „אַגרעגאַדאָס" — און ס'זיינען געווען נישט ווייניקער פון צען ראַנטשאָס — האָט ער געהאַט אַ פּאָר קינדער. אויך האָבן לייט באַהויפּטעט, אַז ער פלעגט נישט קוקן אַף „קיין קאָליר און אַף קיין מאַרקע": אַז עס פלעגן אָליץ איינס אריינפאַלן אי ווייסע אי שוואַרצע, און אַז ווען ער איז בעת אַ שפּאַציר איבערן קאַמפּ צוגעקומען צו אַ „פּועסטאָ" פלעגן פאַלן אַף די קני, און מיט צונויפגע־לייגטע הענטלאָך זאָגן אַ „סאַנטיטאָ", קליינוואַרג מיט קופּער־פאַרביקע פּנים'ער, פלאַטשיקע נעזלעך, בלויע אויגן און העלע צושויבערטע האָר. בעת זיין ווייב האָט נאָך געלעבט, האָט דאָן סיריאַקאָ אַמאָל געהאַט געמאַכט אַ רייזע אין דער „עסטאַנסיע" ביים ריאָ נעגראָ, אויפצופּאַסן אויף דער אַר־

בעט פון שערן די שאף, און האט דארט פארבראכט עטלעכע טעג. אז מען האט די ארבעט געענדיקט, האט מען געפראוועט א גרויסארטיקן מאלצייט: פאשטעטן, געפרעגלטע קוכנס, „אסאדא קאן קועראָ'' און וויין, וויפיל זוער עס האט געגלוסט. נאכדעם האט מען ביז שפעט אין דער נאכט אין „טרוקא'' געשפילט; און דאניא פאולא, א פרוי אין די יארן, וואס אמאל, מיידלוויז, האט זי גע'שמ'ט פאר זייער א לייכטזיניקע און א ליבהאבערן פונם טרונק, האט געהאלטן אין איין צוטראגן פון קיך די ביטערע מאטע, און פון צייט צו צייט זיך אריינגעכאפט אין שפייכלער, אנצופילן דאס פלעשל מיט „קאניע'', וואס די שפילער פלעגן אויסליידיקן מיט אומגלויב־לעכער שנעלקייט. אזוי ווי אין שפייכלער — א שטרויענע פוניע — איז געווען פינצטער, האט דאניא פאולא שטענדיק אריבערגעגאסן, און כדי ס'זאל נישט רינען פונם פלעשל, האט זי ביי יעדן מאל אביסל אפגעזופט. זי איז שוין, זעט אויס, געווען נישט גאר מיט אלעמען, ווען דאן סיריאקא האט צונעמענדיק ביי איר דאס „קירבעסל'', איר א זאג געטון אין א האלב שטרענגן, האלב פריינטלעכן טאן:

— אייער מאטע, אלטיטשקע, איז שוין זייער אפגעשוויינקט.

— איז וואס־זשע? — האט זי זיך אנגערופן, ארויסלאזנדיק א גרעפץ פון קאניע — ווי אזוי ווילט איר, זי זאל נאך טויגן, אז עס איז שוין צוויי שעה ווי איך האפקע ארום אהין און אהער און איר האט שוין אויסגע־זשליאקעט מי־יודע וויפיל טשייניקעס מיט וואסער! אויב איר האט נאך ניט קיין גרינע קישקעס...

— שוין, אלטע, זיי נישט בייז, גיי ברייננג נאך א פלאש „קאניע'' און לאז אפ די מאטע.

די פרוי איז ארויס, וואקלענדיק זיך, און מען האט ווייטער מיט גרויס היץ זיך גענומען צום „טרוקא''־שפיל, טומלענדיק און פלאנטערנדיק איינע די אנדערע, ווארום אלע זיינען געווען טויט־שיכור.

אזוי ווי דאס פלעשל איז ניט צוריקגעקומען, האט דאן סיריאקא, אז אומגעדולדיקער, זיך אופגעהויבן און איז ארויס אין הויף. ר'האט א רוף געטון, נאר קיינער האט אים נישט געענטפערט. דאן האט ער, פלאנטערנ־דיק מיט די פיס, זיך געלאזט גיין צום שפייכלער. דארט האט ער ווידער

גערופן, און אַלץ קיין ענטפער נישט באַקומען. האָט ער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און דערזען, ערשט דאַניאַ פּאָולאַ ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד, מיטן פּנים אַרויף, מיט דער פלאַש קאָניע אין דער האַנט, און דאָס ציצענע קליידל פאַררוקן, אַנטבלויזנדיק אירע פעסט־געבויטע און נאָך גאַנץ רייצנדיקע פיס.

דאַן סיריאַקאָ האָט זיך שטאַרק פאַרקוקט אויף איר, ביז ס'האָט אים אַ בריי געטון אין די פינגער, און דאָס שוועבעלע איז אים אַרויסגעפאַלן און זיך פאַרלאָשן. דאַן, האָט ער אומבאַוואוסטערהייט זיך אויך אַנידערגעשלייַדערט און געבליבן ליגן אויף דעם ערדענעם באָדן פונם שפייכלער.

---

שפּעטער מיט זיבן חדשים האָט רודענסידאַ געבוירן אַ שייניצקע און פוכלינקע מיידעלע, און דריי טעג נאָכדעם איז דאַניאַ פּאָולאַ געשטאָרבן פון קימפּעט, איבערלאָזנדיק אַלס פּרוכט פון דעם מאָמענטאַלן פאַרגניגן וואָס זי האָט גענאָסן אין אַ רגע פון העסלעכער באַזויפנקייט, אַ קרענקלעך, ראַכיטיש אינגעלע מיט אַ גרויסן לייגלעכן קאָפּ. אין דער צייט וואָס דאָס מיידעלע איז געוואַקסן אַ געזונטע און געפּעשטשעטע אין דער „עסטאַנסיע" ביים אַסעגוּאַ, איז דער אָרימער זיבעלע געוואַקסן אַ „גוואַטשאַ" אין דער „עסטאַנסיע" ביים ריאָ נעגראָ, געוואַקסן קוים־קוים און אַן קראַפט, אַזוי ווי די טערפּענטין־ביימער אין די אומפּרוכטבאַרע פעלזן־שפּאַלטן. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער שפּילצייג, ווי די שפּרינגבייניער און קנאָכנביינער, וואָס די הינט פלעגן אין הייף איבערלאָזן; נישט קיין אַנדערע צערטלעכקייטן, ווי אַ גלעט מיט די לאַפּעס פון די צימבּרינג־פאַרביקע הינטלעך — די איינציקע וועזנס, וואָס האָבן געשפּילט זיך מיט אים, און דערביי אים אָפּטמאָל צודראַפּעט און צוביסן. צו די צוויי יאָר איז ער נאָך נישט אומגעגאַנגען, און צו די דריי, האָט ער קוים געשטאַמלט אַ פּאָר געציילטע ווערטער. אין אַ שיינעם טאָג, האָט דער פאָטער זיינער, וואָס האָט אים קיינמאָל קיין קוש נישט געגעבן, נישט אַפילו ווען אויף די הענט גענומען, באַשלאָסן אים צו טויפן, אויסנוצנדיק אַ צופעליקן באַזוך פונם אָרטיקן גלח. נאָך דער צערעמאָניע האָבן די אָנוועזנדיקע — דאַן סיריאַקאָ, דער ערשטער — זיך געלאָזט וואָוילגיין און געהוליעט, נישט האָבנדיק אין זינען אַפילו

דאס פארוואָרלאָזטע קינד, וואס האט זיך ערגעץ געוואלגערט אין א קאסטן, אויסגעבעט מיט א שאָפנפעלכל. אנשטאט א מאטראץ, אהן א פיצל קישעלע, אף וואס אנצושפארן זיין גרויסן אידיאטישן קאפ. מען האט אים א נאמען געגעבן סירילא; נאר די פעאָנעס האבן אים שוין פון פריער גערופן „טערור־טערא״ און מיט דעם דאזיקן נאמען איז ער פארבליבן. דאן סיריאקא האט — נאכן טויט פון זיין ווייב — געהאט אריינגענומען איינע פון זיינע „אגרעגאדאס״ ופאר א ביישלעפערן: און יעדן זומער כמעט פלעגט ער, צוזאמען מיט איר און זיין טאכטער קאמיליא, ארויספארן פארברייינגען א פאר חדשים אין דער „עסטאנסיע״ ביים ריא נעגרא, וואס האט געהאט אלע באקוועמלעכקייטן און האט פארמאגט אף א מהלך אינגאנצן פון א זעקס הונדערט מעטר א פרעכטיקן באד־פלאץ. בעת די דאזיקע קורצע ווײלונגן איז קאמילא׳ס בעסטער צייט־פארטרייב געווען „טערור־טערא״. זי פלעגט זיך שפילן מיט אים, אזוי ווי מיט א קוקלע, אט געלאשטשעט אים און געצערטלט, אט געשלאגן אים, און אנגעקוואלן פון זיין אומבאהאלפנקייט. אזוי זיינען אוועק עטלעכע יאר. דאס לעצטע מאל, ווען קאמילא מיט דער פאמיליע איז געקומען אף דער זומער־וואוינונג, איז זי שוין אלט געווען צוואנציק יאר און איז געווען א לוסטיקע און געזונטע מויד און א גרויסע שטיפערן. אויך „טערור־טערא״ איז שוין געהאט געווארן א גרויסער, נאר איז אלץ געבליבן דער אייגענער קריפל, מיט לאנגע דארע פיס, הענט פון א שימפאנזע, און דער גרויסער קאפ זיינער איינגעזונקען צווישן די אקסלען, וואס האבן זיך ארויסגעהויבן, ווי צוויי בערגלעך. זיין געזיכט פון ערד־קאליר, איז געווען אויסגעצויגן און מאגער; די האר פון קאפ — לאנגע, ווייכע און ברודיקע — זיינען אים געפאלן אף דער פלייצע און איבערן שמאלן שטערן; דאס מויל, אומגעהייער גרוים און די אונטערשטע ליפ, א דיקע און אראפגעהאנגענע, ווייזנדיק פיר פעדערשטע ציין, לאנגע, אפגעזונדערטע, צוקרימטע און שווארצע: די העל־בלויע אויגן האבן געקוקט אידיאטיש, בלאס און אן לעבן. גערעדט האט ער ווייניק און מיט גרוים אנשטריינגונג, מאכנדיק טויזנטער לעכערלעכע העוויות. אין דער „עסטאנסיע״ איז ער געווען ווינציקער פון א הונט. גענערט האט ער זיך מיט שיריים, און נישט איין מאל זייענדיק הונגעריק, פלעגט ער זיך שלאגן

מיט די הינט פאר א שטיקל מאגער פלייש, אדער א קנאכנביין. זיין הלבשה איז באשטאנען פון שמאטעס, וואס ער פלעגט אופקלייבן אף די מיסטקופעס, אדער וואס א פעאן פלעגט אים אוועקשיינקען, אלס באלוינונג פאר אייניקע ענוים, וואס ער פלעגט אים פארשאפן; זיין וואוינונג איז געווען א ווינקל פון גאלפאן, וואו ער פלעגט שלאפן אף א שאפנפעלכל, צווישן הורבעס פעל און פעק פון וואל און פערדנהאר. אלע מענטשן זיינען בײַ אים געווען גלייך: יעדער האט זיך געשאפט מיט אים אפן גרעבסטן אופן, יעדער האט אים נאכגעפייפט, יעדער האט כמעט שטענדיק מיט אים די הענט אפגעווישט און אלעמאל אים גענומען אף חוזק און געמאכט מיט אים שפאס — גראבן גאוטשעשן שפאס — וואס איז באשטאנען אין געבן אים קלעפ און אים אנטון פיזישע ליידן, ווארום סירילא איז געווען אזא גולם, אז ער האט גארנישט פארשטאנען און עס האבן אים קיינע שטעכווערטלעך נישט געערגערט. זיין פאטער האט זיך קיינמאל נישט געקימערט וועגן דעם דאזיקן לייבלעכן אייגענעם זיינעם, ער האט נישט געפילט צו אים נישט קיין שנאה, נישט קיין ליבשאפט: ער איז געווען צו אים דורכאויס גלייכגילטיק; ער האט גיכער געקוקט אף אים ווי אף א זאך, איידער ווי אף א מענטשלעך וועזן. דער, פון זיין זייט, האט געקוקט מיט שרעק אף דעם גרויסן, בערדיקן, שטרייגן מאן, וואס פלעגט מיט שטאלץ אויסטיילן באפעלן און פארטויבן די „עסטאנסיע" מיט זיינע געשרייען, ווען ער פלעגט אריין אין כעס — א זאך, וואס פלעגט געשען גאנץ אפט. איינמאל, בעת דאן סיריאקא האט געהאלטן אין אנזאטלען דאס פערד, אונטערן שאטן פונם שטעלכל, איז „טערו־טערא" געשטאנען מיט אראפגעלאזטע הענט און אן אפענעם מויל, און געקוקט אף אים מיט גרויס התפעלות. דער גוטבאזיצער האט נישט געהאט באמערקט זיין אנוועזנקייט, נאר ביים פארציען די „סאבערעסינטשע", האט ער דערזען, אז דאס אינגל שטייט מיט א פוס אפן עק פון דעם רימען. האט ער האסטיק אים א ריס געטון צו זיך, דערלאנגט א פאכע אין דער הויך און אראפגעלאזט דעם אומגליקלעכן אזא שמיים איבער די פיס, אז יענער איז אנטלאפן, קאוואוטשנדיק ווי א געשלאגענער הונט. פון דעמאלט־אן פלעגט „טערו־טערא" אויסווייכן דעם בערדיקן פארשוין, אזוי ווי א בייזן געשפענסט.

פון אלע בחורים פון דער געגנט האט אמשטארקסטן נושא־חן געווען ביי קאמילאן איינער א פאראינדיאנישטער, שווארצ׳חנ׳עוודיקער גאוטשל, א יונג א מאדים, וואס האט גע׳שמ׳ט מיט זיין גבורה און זיינע קונצשטיק, אלס א ליבהאבער א „דאמאדאר״. אין דער עסטאנסיע ביים ריא נעגרא איז ער געווען אן אפטער גאסט, און זיינע באציאונגען מיט קאמילאן האבן געמאכט שנעלן פארשריט. זיי האבן זיך ביידע געגלייכט אין כאראקטער און האבן זיך זעלטן גוט איינפארשטאנען. אפטמאל, בעת זייערע שפאַצירן איבערן הייף, אז עס האט זיך צופלאקערט אין אים די תאוה און מיט א פארטריקנט מויל און צוגעטעמפטן מח האט ער נישט געפונען פון וואס צו ריידן מיט זיין שאַץ, פלעגט ער צורופן „טערו־טעראן״ און זיך נעמען איזדיעקעווען איבער אים, צוטראכטנדיק אלערליי טייוולשע שפיצלעך, פון וועלכע די „טשינע״ פלעגט נחת קלייבן און זיך קאטשען פאר געלעכטער. איינמאל, איז ער אוועק אין קיך, האט אפגעבראטן א פיינע „טשאקלע״ און זי געבראכט קאמילא׳ן, וועלכע האט זי א ווײַלע געביטן אין די הענט און געבלאזן, כדי נישט אפצובריען זיך, און נאכדעם האט זי זיך לוסטיק געמאכט, ווארפנדיק אין דער ווייט צו איינציקע קערנער, און דערביי פרייִלעך גערופן:

— כאפ, „טערו־טערא״, כאפ!

און „טערו־טערא״ האט, שטיל און הכנעה׳דיק, אופגעקליבן די קערנער איינציקווייז, זיי געקייט און געשמייכלט, פון וואס קאמילא מיט איר חתן האבן שטארק אנגעקוואלן. נאכדעם האבן זיי גענומען ווארפן שטיינער, א טיכל, א בייטשל און נאך ענלעכע זאכן, אז ער זאל זיי צוריקברייגנען.

— זוך, „טערו־טערא״, זוך!

און דער אומגליקלעכער אידיאט איז שנעל געלאפן און געלאכט, טרייסלענדיק מיט זיין גרוילנדיק־העסלעכן קאפ, א צופרידענער פונם שפיל, נאך וועלכן עס האבן באדארפט קומען מער פיינלעכע און אכזריות׳דיקע שפילערייען.

דאס גאוטשל האט געהאט געשיינקט קאמילא׳ן א פאר „באלעאדארן״, מיט א שפאגאט אנשטאט א געפלאכטענעם רימען און מיט בלייענע קוילן

ביי די עקן, אנשטאט שטיינער: „באַלעאַדאַרן", עקסטרע געמאַכט אף צו כאַפּן „ניאַנדוסן". אין אַ געווינסן פאַרנאַכט האָט זיך דאָס פּאַרל געלאָזט אין פעלד אַריין, און סירילאַ איז זיי נאָכגעלאָפן ווי אַ הונט. זיי ביידע, דאָס גאָוטשל און ער, פלעגן איבערשרעקן די „ניאַנדוסן" און קאַמילאַ פלעגט פאַרוואַרפן די שטריק. נאָר אַזוי ווי עס איז איר נישט געלונגען צו פאַנגען קיין איינע פון די הויכפיסיקע פויגלען, האָט זי זיך שטאַרק געער־גערט, און עס איז איר איינגעפאַלן אויסצולאָזן איר כעס צום יתום, וועמען זי האָט באַשולדיקט, אַז ער איז אַ שלימזל'ניק און אַז ער האָט נישט ווי געהעריק געשראָקן די פויגלען. אין אַ מאָמענט פון כעס האָט זי אף אים אַ וואָרף געטון די „באַלעאַדאַרן", און דער אומגליקלעכער האָט זיך איינ־געפּלאָנטערט און אומגעפאַלן צו דער ערד. קאַמילאַ האָט זיך שטאַרק צו־לאַכט און האָט שוין אויסגענוצט די דאָזיקע המצאה: „טערו־טערא" וועט איר דינען אנשטאָט אַ שטרויספויגל.

— לויף, „טערו־טערא"! — האָט זי געשריען, אַ דערהיצטע; — לויף „טערו־טערא"!

און אירע שפּאַגאַטן, מיט די בלייענע קוגלען ביי די עקן, האָבן זיך געוויקלט אַרום סירילאַ'ס שוואַכע פיס, אים צוקאַליעטשעט און צו דער ערד געוואָרפן, און קאַמילאַ מיט איר באַגלייטער האָבן געפּלאַצט פון געלעכ־טער. דער פלעגט צוריקברענגען די „באַלעאַדאַרן" און דער שפּיל איז ווײַ־טער געגאַנגען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער אידיאָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן און איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרמאַרעטע חיה: נאָר דער יונגערמאַנטשיק האָט אים גענומען שלאָגן מיט דער בייטש, און דער אומגליקלעכער האָט ווייטער געמוזט לויפן, ביז ער איז ווידער, אַ געפּענ־טעטער, געפאַלן צו דער ערד און איז ווידעראַמאָל געצוואונגען געווען אויפצוהייבן זיך, געיאָגט פונעם חוזק און דעם געפּלאַכטענעם קאַנטשיק פונעם גאָוטש. ווי אַ פוקס, אַ פאַרפאָלגטע פון צערייצטע הייפהינט, איז ער גע־לאָפן און געלאָפן, אין דער ריכטונג צוריק צו דער „עסטאַנסיע", ביז עס איז אים געלונגען אַריינצוכאַפּן זיך אין גאַלפּאָן, און דאָרט האָט ער זיך, אַ פאַרמאַטערטער אין מיט צובלוטיקטע פיס, אַ וואָרף געטון אף זיין שאַפּנפעלכל — זיין געלעגער — צווישן בערג מיט פערדנהאָר און וואָל.

דאס יונגע פּאַרל האָט אים צורו געלאָזט, און ער, איינקנורנדיק זיך דאַרטן, אַזוי ווי אַ פּאַריאַגטער הונט, אַן מוט צו רירן זיך פון אָרט און מורא האָבנדיק צו גיין זוכן וואָסערע נישט איז שיריים צום עסן, איז ער שטאַרק איינגעשלאָפן, איינגעקאָרטשעט די דאַרע צופּאַסעוועטע פּיס און אַנגעשפּאַרט אַף זיינע אויסגעדאַרטע הענט דעם גרויסן אידיאָטישן קאָפּ, וואָס זיינע צושויבערטע האָר האָבן אים פאַרדעקט דאָס פּנים.

ער איז שוין לאַנג געשלאָפן, ווען קאַמילאַ, באַגלייט פון איר חתן, איז אַריינגעקומען אין גאַלפּאַן, טראַגנדיק אין איין האַנט אַ חלב'נע ליכטל און אין דער אַנדערער, אַ שטיק „אַסאַדאַ". זי האָט דעם עלענדן יתום דערלאַנגט אַ זעץ מיטן פוס, און יענער האָט זיך אופגעכאַפּט, אַ דערשראָקענער, מיט ברייט־צועפנטע אויגן.

— אָרימער „טערו־טערא"! — האָט זיך די „משינע" אַנגערופן: — קיינער דערמאָנט זיך נישט אַן דיר. זע, איך ברייננג דיר אַ „טשוראַסקאַ".

און האָט אים דערלאַנגט דאָס שטיק פלייש, וואָס איז געווען פעט, גוט געבראָטן און זאַפטיק.

„טערו־טערא" האָט זיך אופגעזעצט און האָט עס צוגענומען מיט ביידע הענט. ער איז געווען שטאַרק הונגעריק, נאָר ער האָט נישט געוואַגט צו עסן. זיין צוקרימט געזיכט האָט אויסגעדריקט גרעניצלאָזע דאַנקבאַרקייט; זיינע בלויע אויסגעלאָשענע אויגן, מיטאַמאָל פייכט געוואָרענע, האָבן זיך נישט געקענט אָוועקרייסן פונם מיידל וואָס האָט געקוקט אַף אים מיט אַ שמייכל און וואָס האָט פלוצלונג אים באַפוילן:

— עס, בעסטיע!

דער אידיאָט האָט אַריינגעשטעקט זיינע גרויסע ציין אינם שטיק פלייש, אָפּגעריסן אַ ביסן, און גיריק גענומען עס צוקייען. נאָר באַלד האָט ער עס אויסגעשפּיגן מיט כעס, האָט זיך אינגאַנצן אופגעזעצט און האָט אַרויסגעלאָזט אַ דומפּיקן ברום, אַרויסשטעלנדיק די דאָפּלטע רייע לאַנגע און שוואַרצע ציין; און, אַן אופגעקאָכטער, אויסער זיך פון וואוט, האָט ער געכאַפּט דאָס שטיק פלייש און אַ שליידער געטון עס אין קאַמילאַ'ן, וואָס האָט געלאַכט מיט די לעצטע כחות, אַנשפּאַרנדיק זיך אַפן אַקסל פון איר חתן, וועלכער איז אויך שיר נישט צושפּרונגען געוואָרן פאַר געלעכטער.

זיי זיינען אוועק. די קאנורע איז געבליבן אין דער פינצטער, און דער עלנדער יתום, נאכדעם ווי ער האט עטלעכע מאל אויסגעשפיגן, אום צו באפרייען זיך פונם ביי־טעם, וואס איז אים אין מויל געבליבן פונם פלייש, געמישט מיט אן אומריינעם שטאף, האט ער אנגעבויגן זיין בהמה׳שן קאפ און איז ווידער איינגעשלאפן אף דעם שאפנפעלכל, צווישן די סקירדעס וואל און פערדנהאר.

---

דעם גאנצן טאג אף מארגן, האט קיינער נישט געזען „טערו־טערא׳ן״, נישט אימיצער האט אים אין זינען געהאט.

עס איז געווען א דושנע־הייסער פארנאכט. דער גאלפאן, מיט זיין בלעכענעם דאך און זיין פארלאגע פון אופגעאירטער באלעקע, מיט זיין געשטאנק פון פארפוילטער השתנה און די שארפע ריחות פון די קופעס וואל און פעל, האט נישט געקענט דערוועקן קיין חשק אריינצוקומען אין אים. פונדעסטוועגן, פארנאכטלעך, אז עס האט שוין אנגעהויבן טונקל ווערן, זיינען אריינגעקומען אהין קאמילא און איר גאוטשל. קוים אריין אינווייניק, האט דער לעצטער אומגעארמט דער טשינע זיינער מיט אזא גראפט, אז זי האט אזש א קרעכץ געטון און האט ארויסגעמורמלט האלב ליבלעך, האלב צארנדיק:

— „ברוטא!״

אף א ווײַלע איז שטיל געווארן. ער האט זי צוגעשטופט ביז צום הינטערגרונט, וואו עס איז געווען פינצטערער און וואו דער גערוך פונם פארפעצטן וואל און טרוקענע פעל איז געווען נאך שארפער און רייצנ־דיקער; און דאן האט ער מיטאמאל, מגושמ׳דיק און ווילד אין זיין אומ־ווידערשטיילעכן טריב פון א צורייצטער חיה, זי א כאפ געטון און האסטיק אומגעווארפן אויף א זאק מיט פערדנהאר — א ווייך און באקוועם גע־לעגער, וואס דאס פארל האט אים שוין געקאנט פון לאנג.

קאמילא האט א שוואכע אנשטריינגונג געמאכט אופצוהויבן זיך: ארויסצורייסן זיך פון די אדרדיקע ארמס, וואס האבן זי פעסטגעהאלטן; פון די גליטשיקע פינגער, וואס האבן זי געבריט; פונם הויך פון דעם חיה׳שן אטעם, וואס זי האט געפילט אפן מויל און אפן האלדז. אינם

געראַנגל האָט זי זיך געגעבן אַ שפּאַר־אָן מיט אַ האַנט אָן דער ערד און האָט אַנגעטאַפּט עפּעס אַ קאַלטע זאַך, וואָס האָט זי אויפגעשווידערט.

— אַ, ווי עקלהאַפט! — האָט זי אויסגערופן, און איז אופגעשפּרונגען פון אָרט. דער גאָוטש האָט זי געוואָלט פאַרהאַלטן נאָר זי איז אַנטלאָפן, און ער איז איר נאָכגעלאָפן. נישט אומקוקנדיק זיך אַף גאָרנישט, איז זי געלאָפן גלייך אין קיך אריין, האָט געכאַפּט אַ ליכט און איז געשווינט צו־ריקגעלאָפן אין גאַלפּאָן. דאָס גאָוטשל און איינקע פּעאָנעס האָבן זי נאָכ־געפאָלגט, און ווען זיי זיינען צוגעקומען ביז צום הינטערגרונט פון גאַלפּאָן, צווישן די קופּעס וואָל, פּערדנהאָר און פעל, האָבן זיי דאָרט געטראָפן „טערו־טעראָ׳ן״ אַ קאַלטן, אַ פאַרגליווערטן, מיט איינגעשרומפּענע פיס, מיט אַן ערדענעם פּנים און פאַרמאַכטע אויגן.

ווער ווייסט וויפיל שעה ער איז שוין געלעגן טויט, טויט פון מידקייט, אויסצערונג און קריינקונג, אַליין אין זיין פינצטערער, שמוציקער נאָרע; אָן מיטלען, אָן הילף, אָן שטיצע, נישט זעענדיק נעבן זיך אין די לעצטע, שטענ־דיק גרוילנדיקע רגע׳ס, שוין נישט זאָגן קיין פריינט, — וואָרום פון קיין פריינטשאַפט האָט ער קיינמאָל נישט געוואוסט,—נאָר כאָטש אַ מענטשלעך פּנים, וואָס זאָל אים צוואַרפן אַ בליק פון רחמנות — דעם בליק פון רחמנות, וואָס עס רייסט ארויס דער אָנבליק פון אַ גוססדיקער בהמה. צווישן די פּעק וואָל, פּערדנהאָר און פעל, ווער ווייסט וואָסערע מורא׳דיקע יסורים עס האָבן געפּלאָגט דעם עלענדן נפש: ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שרעקלעכע גסיסה עס האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין צרה׳דיקן לעבן. איינזאַם, פאַרוואַר־לאָזט: אַזוי האָט ער געלעבט, אַזוי האָט ער געדאַרפט שטאַרבן.

קאַמילאַ האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט, אַ דערשטוינטע, אַ צוטומל־טע, ארויסווייזנדיק מער אומצופרידנקייט ווי צער; נאָר באַלד, ווי עס זאָל איר פּלוצלונג געוועזן קומען אַפן זכרון דער פאַרשטערטער געגנוס צוליב דער שולד פון אָט דער העסלעכער בריאה, האָט איר פּנים אופגעפלאַמט פון צאָרן, און מאַכנדיק אַ שריט פאָראויס, האָט זי דערלאַנגט אַ זעץ מיטן פוס אין „טערו־טעראָ׳ס״ פּנים אריין, אויסשרייענדיק מיט כעס:

— ברוט! אידיאָט!

די מענטשן, וואָס זיינען אַנפאַנגס שטיין געבליבן, הינגעריסן פונם

יראת־הכבוד, וואס עס דערוועקט תמיד דער טויט פון אונזער גלייכן, האבן ביי די דאזיקע ווערטער קאמילאס — זיך צוריק דערמאנט אין „טערו־טערא'ן" דער בעסטיע, דער זאד, דער נבלה; און זיי האבן זיך הנאה'דיק צולאכט.

נאכדעם זיינען זיי אלע ארויס. אין גאלפאן איז ווידער געווארן שטיל און פינצטער. איינער פון די הינט, וואס פלעגט זיך שפילן מיט „טערו־טערא'ן" ווען ער איז נאך געווען א קליין קינד, איז געווען דער לעצטער צו פארלאזן דעם מת.

דער טויטער קערפער, דעם אידיאטס, איז דארט אף דעם שאפפעלכל געבליבן ליגן די גאנצע נאכט, און אף מארגן אזוי ווי אלע זיינען געווען שטארק פארנומען און מען האט נישט געקענט פארלירן קיין צייט, האט דאן סיריאקא באפוילן דעם שווארצן אנאסטאסיא, ער זאל אוועקפירן דעם בר־מינן אין וואלד אריין אף דעם שליטן וואס מען פירט וואסער, און אים דארט אוועקלייגן אף א פאר טאלא־קלעצער, דערביי צוגעבנדיק:

— „נאר ס'זאל אויסקומען הינטער דער בלאטע, אז דער געשטאנק זאל זיך צום שטוב נישט דערטראגן".



# דער צוימער.

ער האָט געקענט אַלט זיין אַ יאָר פינפאונצוואַנציק — דרייסיק, און אפשר מער, ער איז אָבער יעדנפאַלס געווען גאָר אַ יונגער.

גערופן האָט מען אים סאַביניאַנאָ פערנאַנדעז. און ער האָט געהאַט געדינט אין דער עסטאַנסיע שוין העכער א יאָר, אַלס צוימער... דער באַלע־באָס, וואס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן טאַבון האַלב ווילדע „זשעגוועס" איז א פופציק ווילדע לאַשיקעס, האָט אים צוגענומען צו דער ארבעט, וויסנדיק, אז ער שמ'ט אַלס איינציקער, אינם פאַך, מיט זיין געשיקטקייט, ספּריט־נעקייט און אויסדויער.

געווען איז ער א שיינער יונג, דער סאַביניאַנאָ. פון מיטעלן וואוקס, ברייטע פּלייצעס, פעסטע פיס, אַ מענלעכער פנים, מיט גרויסע שווארצע אויגן, א קרעפטיקע אַדלער־נאָז, דיקע ליפּן, באַצירטע מיט דינע שווארצע וואָנצעס און אַ שטרענגע גאָמבע. גערעדט האָט ער זייער ווייניק, קיינמאָל נישט געלאַכט און אין זיין העפלעכער האַלטונג האָט זיך געמערקט אַ מין פאראכטלעכער שטאָלץ. מען האָט אים געהאַלטן פאר א רייכן מאַן: עס איז באוואוסט געווען, אז ער האָט פארמאָגט אן אייגענעם גוט, וואס ער פלעגט אוועקגעבן אין ארענדע, און אז זיין „טראַפּיזשע" האָט קיין גלייכן נישט צו זיך אין דער גאַנצער געגנט: זיין רייטפערד איז געווען באַדעקט מיט גאָלד און זילבער און זיין גארטל איז געווען אָנגעשוואָלן פון זילבערנע מטבעות.

אויב ער האָט זיך געהאַלטן ביי דער פראָסטער און געפערלעכער אר־בעט, איז עס געווען נאָר אויס ליבע צו דער זאַך, ווייל פאר אים איז דאָס צוימען די ווילדע פערד געווען דער גרעסטער פארגניגן, און וואס מער

הארטליפיק און ווילד עס איז געווען דער לאַשיק, אלץ מער האט עס אים הנאה געטון, און ער האט אפילו אין זינען נישט געהאט די אכט פעזאס געלד וואס ער האט פארדינט פאר יעדן אויסגעמאנסירטן שטיקל סקאט.

פון קיין פריינט, וואס ער זאל האבן, האט מען נישט געוואוסט. די לאנדסלייט האבן אים רעספעקטירט, נאר זיי האבן אים נישט ליב געהאט, צוליב זיין שטאלצן און הערשזיכטיקן כאראקטער. און האט ער שוין אמאל ארויסגערעדט א ווארט, איז עס ארויסגעקומען ווי א שטרייגער באפעל, אונטער וועלכן אלע האבן זיך אונטערגעווארפן, מיטן גוטן ווילן אדער נישט, ווייל מען האט געמוזט אנערקענען, אז ער האט רעכט, אז ער רעדט מיט פארשטאנד.

און דאס זעלביקע ווי צו מענער, האט ער זיך אויך צו פרויען באצויגן מיט פאראכטלעכן שטאלץ. עס איז באוואוסט געווען, אז ער האט נאר געהאט אייניקע מאמענטאלע ליבעס, אבער קיין איין אמת׳ע ליידנשאפט; ער האט זיך געוויזן גלייכגילטיק מער ווי צו איין שיינעם מיידל, וואס איז פארפירט געווארן פון זיין מענלעכער שיינקייט, פון זיינע העלדנטאטן, פון זיין שטאלצער פיגור, פון זיין גוואלדיקער מאכט פון א צוימער — א צוימער פון חיות און פון מענטשן.

בלאסא, דעם גוטבאזיצערס טאכטער, האט אויך נישט געקענט אויס-מיידן דעם כישוף. געווען איז זי א לייכטזיניקע, חנ׳עוודיקע ברונעטקע, וואס פלעגט לאזן, אז די גאלאנטע זאלן איר פאלן צו די פיס, בלויז כדי צופרידנצושטעלן איר ווייבערישע פוסטע גאוה.

סאביניאנא איז געווען א דעראבערונג, וואס וואלט פארפולט איר שטאלץ, און זי האט גערעכנט, אז דאס וועט איר לייכט אנקומען, שטיצנדיק זיך אף דעם צויבער פון איר יוגנט, פון איר שיינקייט און אף דער עשירות פון איר פאטער. זי האט קעגן אים אנגעווענדט איר געוויינלעכע טאקטיק: א שמאכטנדיקן בליק, ווי אין פארגעסלעכער נאכדיינקונג, א ריר מיט די הענט ביי וואסער נישט איז געלעגנהייט... און נאכדעם איז געקומען די גלייכגילטיקייט, די איבערטריבענע ליבלעכקייטן מיט דעם גאסט, וואס קומט אף באזוך, וועלכער האט קיינמאל נישט געפעלט אין דער עסטאנסיע.

נאר, די צייט איז זיך געגאנגען און סאביניאנא האט אויסגעזען ווי

ער זאָל נישט באַמערקן בלאַסאַ'ס ארויסטריטן. אין עס־צימער, ווען דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז געווען פאַרזאַמלט, האָט ער זיך פאַרהאַלטן ליבלעך צו איר און פלעגט איר אַמאָל אַפילו שיינקען אַ שמייכל; נאָר אַז זיי האָבן זיך צופעליק געפונען אַליין, האָט ער זיך שטענדיק געהאַלטן טרוקן, צומאָל אַפילו גראָב.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן איז ער געשטאַנען אין פּאַליסאַדניק און האָט אויסגעגלעט דאָס ציימל, וואַרטנדיק, אַז די פּעאָנעס זאָלן פאַרטרייבן אין „קאַראָל" דעם טאַבון, אַף צו מאַכן דעם ערשטן גאַלאָפּ מיט דעם טונקעלן „טאַרדיזשאַ", וואָס זי האָט אויסגעקליבן פאַר איר צום רייטן. דאָס מיידל איז צוגעקומען און האָט אים דערלאַנגט אַ מאַטע, אַ זאָג טוענדיק מיט חניפה:

— כדי דער „טאַרדיזשאַ" זאָל אייך נישט אַראָפּוואַרפן.

— מיך קיין מוילוואָרפן וואַרפן נישט אַראָפּ, — האָט סאַביניאַנאָ האַרט געענטפערט; און זי, איינזעענדיק, אַז זי האָט אים באַליידיקט, האָט צוגעגעבן ליבלעך:

— האָט אייך קיינמאָל קיין איינער פון די ווילדע ברואים נישט אַראָפּגעוואָרפן?..

און צוגייענדיק נאָענט, האָט זי מיט איר האַנט באַרירט זיין אַקסל.

ער האָט זי שטייף אָנגעקוקט, האָט אַ זופּ געטאָן די מאַטע און האָט געענטפערט קאַלט:

— ווילדע פערד, האָט יאָ אַמאָל פּאַסירט... זשעגוועס, קיינמאָל נישט.

בלאַסאַ איז רויט געוואָרן ווי אַ סעיבאָ־בלום, עס האָבן איר געציטערט די ליפּן, די אויגן האָבן געשפּריצט מיט פונקען, די פינגער האָבן זיך איר איינגעשרומפּט און דאָס האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט, פילנדיק זיך גע־טראָפן אינם פילבאַרסטן פונקט פון איר שטאָלץ. זי האָט אים געוואָלט אָפּענטפערן מיט אַ הויכמוטיקער פראַזע און די פראַזע איז איר פאַרקילט געוואָרן אין האַלדז; זי האָט געוואָלט אַוועק מיט אַ זשעסט פון אַ באַליי־דיקטער, נאָר עס האָבן זיך איר צוזאַמענגעקרעמפּט די פיס.

ער האָט איר צוריק דערלאַנגט די מאַטע און זי האָט אַ פרעג געטאָן מיט הכנעה:

— איז זי גוט?

סאביניאנא האט זיך ווייטער גענומען צו דער ארבייט און נישט אומ־קוקנדיק זיך אף איר, האט ער געענטפערט:

— חלשות: פארבריט די זשערבע.

דאס מיידל האט שוין מער נישט געקענט; די אויגן האבן זיך איר אנגעגאסן מיט טרערן:

— גרוביאן! — האט זי אויסגעשריען; און א כאפ טוענדיק די מאטע איז זי אוועק פון אים מיט שנעלע טריט.

ער האט קיין ווארט נישט געענטפערט און ווייטער געטון זיין ארבעט.

א ווײַלע שפעטער איז שוין די „טראפיזשע" געווען פארשפארט, און פארלאסירט און אומגעווארפן דער שווארצער „טארדיזשא" פון דער „פאטראנסיטא".

סאביניאנא האט אים אנגעזאטלט אף דער ערד און האלטנדיק פאר נישט ווירדיק א ריס צו טאן אים פון אונטן, האט ער אים אופגעבונדן און א שטויס טוענדיק מיט א פוס, אין דער לופטן, האט ער אים אופגעהויבן.

דער לאשיק האט געקייכט און זיך איינגעשרומפט, ציטערנדיק אינ־גאנצן, די קליינע אויערן זיינע האבן זיך אומרואיק באוועגט און די אויגן זיינע זיינען אים אנגעלאפן מיט בלוט.

עס זיינען געווען צושויער. געווען דארט דער באלעבאס, די באלעבא־סטע, די פינף דינסטמיידלעך, דער „קאפאטאז" און די פעאנעס. אף א צען מעטער פון דארט, אנגעשפארט אן קושאק פון דער טיר פון גאלפאן, האט בלאסא מיטן שפיץ פוס געמאכט צייכנונגען אין דער ערד, ניט אופ־הויבנדיק דעם קאפ.

— קום־זשע אהער, וועסטו זען ווי מען רייט אף דיין לאשיק! — האט דער פאטער אויסגעשריען צו איר; זי האט א קוועטש געטון מיט די פלייצעס און האט גארנישט געענטפערט.

דער קאפאטאז האט זיך אנגערופן צו סאביניאנא'ן:

— מיר דאכט, אז דאס פערדל וועט געבן א ביסל ארבעט; ער זעט אויס צו זיין א פארדעטער.

— ארבעטנדיק פארדינט מען דאס געלט, — האט דער יונג געענט־פערט: און גאנץ רואיק האט ער געמאכט א ציגארעט און פארוויכערט.

איינער פון די פּעאָנעס האָט אַנגענומען דעם לאָשיק פאַר אַן אויער. סאַביניאַנאָ האָט באַפוילן אים אָפּצולאָזן. ער איז צוגעגאַנגען, האָט אַנגענומען די לייצעס און מיט איין האַסטיקן שפּרונג איז ער געבליבן איינגעפרעסט אין זאָטל. פילנדיק אַף זיך די משא, האָט דער „טאַרדיזשאַ" ווילד אופגעציטערט; און אומ'רחמנות'דיקער שמיים מיט דער „רעווענקע" האָט אים אופגעהויבן אַף די הינטערשטע פיס, און באַלד איז ער ווידער געבליבן שטיין ווי אין דערוואַרטונג. דער צוימער האָט אים אריינגעשטאָכן די שפּאָרן אין די זייטן, און דער לאָשיק, ווילד פאַר כעס, האָט פאַרשטעקט דעם קאָפּ צווישן די פאָדערשטע פיס, האָט זיך איינגעדרייט ווי אַ קנויל און, שיפּענדיק און שוימענדיק, האָט ער זיך געוואָרפן אַף אַלע זייטן, מאַכנדיק אויסערגעוויינלעכע אָנשטריינגונגען אַרונטערצושליידערן דעם רייטער, וואָס האָט נישט אופגעהערט צו שלאָגן אים מיט דער רעווענקע און מיט די שפּאָרן.

די מענטשן האָבן שטיל צוגעקוקט דעם זעלטזאַמען קאַמף.

בלאַסאַ איז, נישט ווילנדיק, צוגעקומען אַלץ נעענטער, באַהערשט פון דעם פּרעכטיקן ספּעקטאַקל, און אין דער רגע, ווען זי איז אַנגעקומען צום פּאַליסאַדניק, האָט דער „טאַרדיזשאַ", אופגעברויזט פון וואוט און מוטיקער פאַרצווייפלונג, זיך אַ הויב געטון אַף די הינטערשטע פיס און ווי אַ שטיק בליי איז ער געפאַלן מיטן רוקן צו דער ערד.

בלאַסאַ האָט אַ געשריי געטון און האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט. אַראָפּנעמענדיק די הענט — איין רגע נאָכדעם — האָט זי דערזען פאַר זיך אַ בילד פון אַ העלדנגעדיכט:

דער „טאַרדיזשאַ", אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער ליינג אַף דער ערד, און סאַביניאַנאָ, מיט דער ציימל אין האַנט, דאָס אַנגעצונדענע ציגאַרעטל אין מויל, איז געשטאַנען און געשמייכלט, אַנטרעטנדיק פעסט מיט איין פוס אַפן האַלדז פונם ברוט... נאָר באַלד האָט ער אים דערלאַנגט אַ שמיץ מיט דער „לאַסע", ער זאָל זיך אופהויבן און מיט אומגלויבלעכער שנעלקייט, איז ער מיט איין שפּרונג שוין ווידער געזעסן אַף אים. דער לאָשיק האָט זיך ראַש אַ לאָז געטון אין אַ ווילדן געיעג, ניט האַלטדיק זיך ביים וועג, פליענדיק גלייך איבערן פעלד, און מיט צען מינוט שפּעטער איז ער שוין

געוועזן צוריק ביים פאליסאדניק; קייכנדיק, באדעקט מיט שוים, און די אויגן פארלאפן מיט בלוט, האט ער געווארפן מיט די הינטערשטע פיס. דער צוימער האט א שטארקן צי געטון די צוים, צודריקנדיק אים דעם פיסק צו דער ברוסט, און האט אים איינגעהאלטן, אוועקזעצנדיק אים אף די קנעכ־לעך. ער איז לייכט אראפגעשפרונגען, איז איין רגע אים אויסגעזאטלט און האט אים אנגעהויבן צו גלעטן; דער ווילדער „טארדיזשא", א מידער און באזיגטער, האט זיך מער נישט געווערט.

נישט מאכנדיק קיין ווערן פון די באגריסונגען און דער באוואונדערונג, וואס אלע האבן אויסגעדריקט, איז סאביניאנא רואיק אוועק גלייך אין גאל־פאן, טרינקען א „ביטערע".

בלאסא איז, שטארק אויפגערעגט, אוועק אין איר צימער און איז נישט ארויסגעקומען דעם גאנצן טאג. אין משך פון העכער א וואך, האט זי זיך געהאלטן בייז און אנגרייפנדיק מיט דעם יונג, וואס האט זיך געמאכט ווי ער זאל נישט באמערקן די דאזיקע ענדערונג. איינמאל, ביים טיש, האט מען שטארק געלויבט זיינע צוימערישע פייאיקייטן, און בלאסא האט אויס־גערופן מיט טיפער פאראכטונג:

— עס איז גאנץ פשוט, צווישן דעם ווילדן פערד און דעם צוימער, זיגט דער ברוטאלסטער פון זיי.

איבער זיינע ליפן האט געבלאנדזשעט דער געווינלעכער קאלטער שמייכל און ער האט רואיק געענטפערט:

— ווי אמאל: עס זיינען פאראן אזעלכע וואס „מאנסירן", און אנדערע, וואס צוימען.

און האט צוגעגעבן מיט א ווארימער שטימע, וואס קיינער האט נאך פון אים נישט געהערט:

— אף צו קענען צוימען, דארף מען קענען זיך אליין באצוימען: קיינער באהערשט נישט קיין אנדערן, ווען ער קען זיך אליין נישט בא־הערשן!

מיט צוויי חדשים שפעטער, ווען דאס צוימען האט זיך געענדיקט, האט באביניאנא געמאלדן, אז ער פארט אוועק. דאס איז געווען אין א שבת און מאנטיק האט ער געזאלט אפפארן. זונטיק איז געווען א יום־טוב אין דער

עסטאַנסיע: עס זיינען געקומען יונגען און מיידלעך פון דער נאָכבאַר־שאַפט, מען האָט געטאַנצט אַ גאַנצן אָוונט, און בלאַסאַ, אויסגעפוצט און קאָקעטיש מער ווי תמיד, האָט געטאַנצט און געשטיפט. האָט אַרויסגע־וויזן אַן אויסערגעוויינלעכע פרייליכקייט, און האָט אפילו קיין איין בליק, קיין איין וואָרט נישט געהאַט פאַר סאַביניאַנאָ'ן, וועלכער איז אויך נישט אַרויס פון זיין כאַראַקטעריסטישער גלייכגילטיקייט.

נאָכן עסן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער באַל, נאָך מיט מער לעב־האַפטיקייט. סאַביניאַנאָ האָט אַ ווײַלע געשמועסט מיטן באַלעבאָס אין הייף, האָט געמאַכט אַ ציגאַרעט און פאַררויכערט, און האָט זיך אַוועקגע־שטעלט אָנגעשפאַרט ביים פּאַליסאַדניק.

עס איז געווען אַ מחיה'דיקע זומער־נאַכט, מיט אַ גרויסער לבנה אינמיטן לויטערן, בלויען הימל. ער איז געשטאַנען אַליין, געבלאָזן דעם רויך און האָט געקוקט צערשטרייט אויף דעם ווייט־אויסגעשפּרייטן שטח פונם שלאָפנדיקן פעלד. פּלוצלונג האָט ער דערפילט אַ שאָרכן פון קליידער און האָט אומגעווענדט דעם קאָפּ. בלאַסאַ איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט אַרויסגערעדט מיט ניט קיין געוויינלעכער ליבנסווירדיקייט:

— איך קום אייך איינלאַדן, איר זאָלט מיך באַגלייטן אַ וואַלס.

— אַנטשולדיקט, — האָט סאַביניאַנאָ געענטפערט פעסט, — איך בין מיד און דאַרף גאַנץ פרי אופשטיין.

זי האָט געמאַכט אַ ביין זשעסט. האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט, און אים אַ פרעג געטון:

— פאַרט איר טאַקע אַליין מאָרגן?

ער האָט אַ שמייכל געטון און געענטפערט:

— געוויס!.. איך טו שטענדיק דאָס, וואָס איך באַשטים פאַראויס צו טון.

בלאַסאַ האָט שוין מער נישט געקאָנט: די אויגן האָבן זיך איר אָנגע־פילט מיט טרערן, האָט זיך אים אַ וואָרף געטון אויפן האַלדז מיט ביידע הענט, און האָט אויסגערופן וויינענדיק:

— ניין! דו קענסט נישט אַוועקפאָרן. דו פאָרסט נישט אַוועק, ווייל איך האָב דיך ליב!.. ווייסט נישט, אַז איך ליב דיך, דו שלעכטער מענטש?..

רואיק, געלאסן, אָן אַ שום סימן פון באַרימעריי, האָט דער יונג גע־ענטפערט:

— יאָ, איך האָב עס געוואוסט, אַזוי ווי אויך דו האָסט געוואוסט, אַז איך ליב דיך, אָבער איך האָב דיך געוואָלט אַזאַ, ווי דו ביסט איצטער, אַן אונטערגעגעבענע, אַ געצווימטע, כדי דו זאָלסט גליקלעך זיין און זאָלסט מיך גליקלעך מאַכן... אַ נישט דערקאָכטע בהמה טויג צו גאָרנישט!...

זי האָט אים פעסט אומגעאַרעמט, האָט אים געקושט אין מויל, און אונטערוואַרפנדיק זיך הכנעה'דיק און נאָכגיביק אונטער זיין ווילן, האָט איר שטימע געקלונגען מיט אַזאַ צערטלעכקייט, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט פאַרמאָגט:

— מיין צווימער!... מיין צווימער!...



# ד י  ב א ב ע צ ע.

פון דער „עסטאנסיע" ו ו י ט ש א ד ע ר א, ביז דער „עסטאנסיע" א ר א ז ש י ט א איז געווען קנאפע צוויי לעגוועס גוטער וועג. חוץ איין געבראכענע קאנאווע, איין משופע'דיקער בארג־אראפּאר, א שטיק פעלד פול מיט קארטשעס, איין זומפּיקע בלאטע און דאס שלעכט שטיקל וועג פון ס א ר א נ ד י. און אזוי ווי דאס איז געווען ווינטער איז עס האט געשמאק גערעגנט, זיינען די סקאטן פון דער קאנאווע געווען גליטשיק, דער פעלזיקער בארג־אפּרים האט זיך געקרישעט, דער זומפּ איז געווארן אופגעשוואלן און די ווארצלען שטיינער פונם שלעכט שטיקל וועג פון ס א ר א נ ד י האבן זיך באדעקט מיט א דיקער קארע פון בלאטע; נאר ד א נ י א א נ א מ א נ ו ע ל א איז זיכער געווען, אז פאר אירע פיר „טוביאנע" וואג־פערד האבן די אלע שטערונגען קיין ווערט נישט, און זי האט באפוילן אנצוקארמענען די פערד און צוגרייטן דעם וואגן אף נאך האלבן טאג, כדי דורכצופירן איר באשלוס, וואס זי האט אין משך פון א גאנצן חודש אלץ געמוזט אפּלייגן פון איין טאג אפן אנדערן, ווייל דאס וועטער איז געווען זייער שלעכט און עס האט געגאסן ווי מיט עמערס.

און תיכף נאך האלבן טאג האבן שוין ד א נ י א א נ א מ א נ ו ע ל א'ס בארימטע פיר „טוביאנע" שנעל געטראגן דעם וואגן איבער דעם צופלאסענעם וועג.

פון זינט א האלביארהונדערט כמעט, האט די „עסטאנסיע" ו ו י ט ש א ד ע ר א געהערט צו די ק א ס ט ר א'ס און די „עסטאנסיע" א ר א ז ש י ט א צו די מ ע נ ט ש א ק א'ס; און פון יענער צייט אן פלעגן די מ ע נ ט ש א ק א ס נעמען קוואטערשאפט ביי די קינדער פון די ק א ס ט ר א'ס.

און די קאסטראַ'ס פּלענן זיין קוואַטער ביי די קינדער פון די מענ־פשאַקאַ'ס. עס האָט זיי פאַרקניפּט דאָס מין פריינטשאַפט, וואָס איז פעסט, האַרט און איינגעפונדעוועט, ווי דאָס האַרץ פון אַ קאַראַנילִיענבוים, אַ פריינטשאַפט פון איין שטיק — אַזוי ווי אַ גוטער יוכטאַוונער שטיוול — אַף וואָס עס איז נאָר פּיאַיק די רויע, פרימיטיווע און כמורנע גאַוטש־נשמה.

דאָס זיינען געווען צוויי געזינדן, וואָס ביי זיי איז קיינמאָל נישט גע־ווען דיינס און מיינס, און וואָס האַנדלענדיק צווישן זיך אַלע יאָרן, האָבן זיי קיינמאָל נישט גע'חתמ'עט קיינע פּאַפּירן — אָן אַפּמאַך, אַ קבלה, אָדער אַ וועקסל; דאָס זיינען געווען פּראַסטע, אומוויסנדיקע, אומפּולקאַמענע ברואים: דאָס זיינען געווען גאַוטשאָס. ווען אימיצער וואָלט אויס נייגערי־קייט וועלן אַ חשבון פירן פון דעם אַלעמען, וואָס זיי האָבן איינע פאַר די אַנדערע געטאָן, וואָלט ער געמוזט אָנשרייבן גאַנצע ביכער, נאָר ביי די דאָזי־קע מענטשן איז אַ טובה טאָן יענעם אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, נישט כדאַי גאָר צו דערמאָנען...

און צוליב דעם טאַקע, צו בעטן אַ גרויסע טובה פון איר „קאָמאַדרע", דאַניאַ קאַסילדאַ, האָט עס די גוטע און דיקע דאַניאַ אַנאַ מאַנועלאַ זיך איינגעשטעלט ארויסצופאָרן אין אַזאַ סכנה'דיקן וועג.

---

— „קאָמאַדרע", ווי ס'פרייט מיך!

פעסטע אומאַרמונגען — און מוראַ פאַר אַ צו שטאַרקן קוועטש, חלילה. הילכיקע קושן, מיטן פולן מויל — די פודער און שמינק וועלן נישט אַראָפּ.

— קומט־זשע אַריין, „קאָמאַדרע"... זייט היימיש!... און דער תכשיט ווענטוראַ?...

דאַניאַ קאַסילדאַ האָט תיכף פאַרשטאַנען, אַז דאַניאַ אַנאַ מאַנועלאַ איז געקומען צוליב עפּעס אַ וויכטיקער זאַך. האָט זי פאַר אַלע־מען געהייסן לינאַ'ן, זי זאָל גיין צוגרייטן אַ מאַטע מיט איבערגעברענטן צוקער און מאַראַנצן־שאָלעכץ. נאָכדעם האָבן זיי זיך אַריינגעזעצט אין צוויי ברייטע נידעריקע פאַטעלן, — היימישע פאַבריקאַציע, מיט זעסלען פון

אפּגעשאָבענע קאַלבן־פעל, — און די הויז־ווירטן האָט זיך גענומען נאָכ־פּרעגן:

— וואָס איז „קאַמאַדרע"?.. עפּעס, אַ נײַ שפּיצל פון וועני־טוראַ'ן?...

— אַזוי איז עס! — האָט זיך די דיקע פרוי געקלאָגט: — פון דעם יונג וועט שוין קיין לײַט נישט זײַן! ער לאָזט דאָך קיין איין פרוי נישט אויסן, — אַלע פרויען געפעלן אים, און איך האָב אַזוי פיל פּאַרדרוס, „קאַמאַדרע"!...

— די יוגנט, „קאַמאַדרע"!..

— יאָ, יאָ!.. נאָר אין אַ שיינעם טאָג וועט מען מיר אים אוועק'הרג'ע־נען!.. און ער איז דאָך בײַ מיר אַן איין און איינציקער, „קאַמאַדרע"!.. מײַן איינציקער אָנהאַלט אין לעבן! אַט־ערשט־אַ האָט ער געהאַט אַ היסטאָ־ריע מיט דעם „גרינגאָ" כ ע נ אַ ר אַ, איבער דער טאָכטער זײַנער, און אַ גליק נאָך וואָס מען איז אַפּגעקומען מיט אַ פּאָר הונדערט פּעזעס... נאָר אַנדערע אַזעלכע גאַוטש'שע שטיק ווערן דערלײַדיקט דורך אַ רעוואָלווער־קויל!.. נישט איינמאָל איז ער שוין געגאַנגען אַף רעוואָלווער־שאָס און מעסער־שטעך צוליב אַ קליידל!..

— וואָס זאָל מען טאָן, „קאַמאַדרע"?.. יעדער איינער האָט זיך זײַנע פליי אין נאָז!.. מײַן טויפזון געפעלן אַלע, און אייער טויפזון, פּ אַ נ ט ש אַ'ן, מײַן אָרימען פּ אַ נ ט ש אַ'ן, אים געפעלט קיינע נישט, נאָר ל י נ אַ, די נאַרישע באַבעצע... וואָס וויל פון אים נישט וויסן, פּונקט ווי זי זאָל די ווערט האָבן עפּעס בעסערס, די געראַטענע!...

— הערט נאָר... — האָט דער גאַסט גענומען שטאַמלען — און איך „קאַמאַדרע", האָב געטראַכט: אפשר קאָנען מיר אונזערע בײדע קינדער אויסהיילן מיט דער זעלביקער רפואה.

— איך פאַרשטיי נישט.

— הערט־זשע: ל י נ אַ איז אַ שיין מיידל.

— יאָ, נאָר אַ תמ'עוואַטע; אַלע רופן זי די באַבעצע.

— איז נאָך בעסער: נאַראַנים זײַנען גוטע. איך קום דאָס טאַקע בעטן בײַ אײַך, איר זאָלט זי מיר געבן אַף אַ חודש צײַט. אַף אַזאַ אופן וועט

פ א נ ט ש א זי אפשר קאנען פארגעסן, און וו ע נ ע ט ו ר א וועט אפשר...
— קאנען געשטילט ווערן?... דער פלאן געפעלט מיר.
אין דעם מאמענט איז אריינגעקומען ל י נ א מיט דער מאטע, וואס ד א נ י א א נ א מ א נ ו ע ל א האט גענומען זופן מיט גרויס הנאה.
—אויסגעצייכנט, טאכטערל!.. נישטא נאך אזא וואס זאל האבן דיין גוטע האנט צו סערווירן א זיסע!
— עט סעניארא, א מאטע, ווי געוויינלעך א מאטע — האט דאס מיידל געענטפערט תמ׳עוואטע און ארונטערגעלאזט די אויגן.
די גוטבאזיצערן פון וו י ט ש א ד ע ר א, וואס האט געהאט גוט איינגעשטודירט איר דיפלאמאטישן פלאן, איז ארוים מיט אן אנצוהערעניש:
— כ׳מיין, אז ווען איך זאל נאר איין חודש טרינקען אזעלכע מאטעס, וואלט איך פטור געווארן פון מיינע פארפלוכטע ווייטיקן אין די היפטן. איבער וועלכע איך קען מיך כמעט אף די פיס נישט האלטן... נאר ביי מיר אין שטוב איז נישטא ווער עס זאל סערווירן א גוטע מאטע... די שווארצע פ ע ר מ י נ א...
— איז זייער א וואוילע...
— נאר זי ווייסט נישט אפילו ווען עס איז קיינמאל נישט... זאג מיר נאר, ל י נ א, וואלסט דו זיך נישט אונטערגענומען צו פארברייענגען ביי אונז א שטיקל צייט?..
די קליינע האט אופגעציטערט, איז רויט געווארן, און א זאג געטאן,ווארפנדיק א בליק צו ד א נ י א ק א ס י ל ד א ׳ן:
— אויב „מאדרינא" האט נישט דאגעגן...
— פארוואס נישט, מויד, פארוואס נישט!
דעם זעלביקן פארנאכט נאך, האבן זיך די „טוביאנע" פערד שנעל געטראגן איבערן וועג צוריק אהיים, פירנדיק צוויי פאסאזשירן.
א נ א מ א נ ו ע ל א ׳ס מוטערלעכע זעלבסטזוכט האט וואונדער געשאפן, אום איינצוהאלטן איר צולאזענעם זינדל מיט דעם פעטן ביסן פון דער גוטער, שיינער און איינפאכער ל י נ א ׳ן: נאר וו ע נ ט ו ר א, דער גאומש׳שער דאן זשואן, שטאלץ אף זיין מעגלעכער שיינקייט און אף זיינע אומצייליקע ליבעס־טריאומפן, האט זיך אפילו נישט געוואלט אומקוקן אף

דער „טשיניטא'', וואס איז, אמת, טאקע געווען א שיינע, נאר צו טעם, אזוי ווי „מאקאטשין''.

—הערסט מאמע — האט ער איינמאל א זאג געטאן לאכנדיק — איך בין פונקט אזוי ווי אונזער „סאגעאא'' — א פערדל, וואס קיינער פאקט אים נישט, צוקוועטשנדיק צום „אלאמבראדא''!..

— ל י נ א איז דאך אזא גוטע! — איז זי אלץ צוגעשטאנען; נאר ער האט זיך נאך מער צולאכט, און געענטפערט:

— יא, נאר דאר ווי דאס הערצל פון א קוראפאטקע און צוקראכן ווי הירשן־פלייש!

און א דריי טוענדיק די דערשבערישע וואנצעס, איז ער אוועק צו זיך אין צימער, צוצוגרייטן זיך אף דער באילע, וואס מען האט יענע נאכט געגעבן אינם שיינק פון דעם בראזיליענער, מ ע ד ע י ר א ס, וועמענס טאכטער, די זאפטיקע, שווארצ'חנ'עוודיקע א י ר ע נ ע, האט אים פון לאנג שוין נעלאקט, אלס קעגנזאץ צו זיין לעצטער אווענטורע מיט מ א ר י א ־ ע מ י ־ ל י א ' ן, די קליינע בלאנדע פראנצויזן, די שול־לערערן, וועלכע איז אים נמאס געווארן נאך א גאנצן מאנאט פון ליבעס־צערטלעכקייטן.

ער איז אוועק אף דער באילע מיט דער פרייד און שטאלץ פונם יונגן, שטארקן, שיינעם און רייכן מאן, וואס קוקט אף אלע פרויען פון אויבן אראפ. פונם ערשטן מאמענט אן, האט ער זיין גאנצע אופמערקזאמקייט געשיינקט א י ר ע נ ע ן, און פאר האלבער נאכט האט ער שוין געהאט באצוואונגען איר הארץ, און איידער עס איז טאג געווארן, האט ער שוין גענאסן בײ איר א קוש, אין דער טונקעלער לבנה־שיין פון הייף, אין דער פרעכטיקער בעסיעדקע פון קלעטערנדיקע טרויבנפלאנצן.

די ליפן פון דער שיינער „מאראטשא'' האבן אים דורכגעדרונגען מיט א פייער, וועלכער איז אים שוין גוט באקאנט געווען; נאר אינם זעלבן אויגנבליק האט זיך פון הינטער זייער גן־עדן באוויזן א פרוי, אנגעטאן אין שווארצן, און מיט איין שפרונג האט זי זיך צו אים אווארף געטאן, ווי א ווילדע חיה, ארויסברומענדיק:

— נאך איינע!.. נאר דאס וועט שוין דיר זיין די לעצטע!..

וו ע נ ט ו ר א האט ארויסגעלאזט א מורא'דיקן געשריי פון ווייטיק,

און האט געפילט, אז דאס פּנים ברענט אים מיט אזא פייער, וואס איז פיל שטארקער פון די פלאמענדיקע פרויען־ליפּן...

---

העכער א מאנאט איז ער געלעגן צום בעט, און האט געליטן אומגלויב־לעכע יסורים. ד א נ י א א נ א מ א נ ו ע ל א און ל י נ א האבן אף קיין רגע נישט אפּגעטראטן פונם בעט, און אין דער צייט וואס די ערשטע האט נאר געהאלטן אין איין וויינען, האט די צווייטע אויסגעזען לוסטיק און געשאטן מיט רייד, מיט אזעלכע רייד, וואס ער וואלט קיינמאל נישט געגלויבט, זיי זאלן קומען פון דער „באבעצעס'' מויל.

אז וו ע נ ט ו ר א האט זיך אנגעהויבן בעסערן און ער האט זיך שוין געקענט אופזעצן, האט ער דאס ערשטע פארלאנגט מען זאל אים געבן א שפּיגל. ל י נ א האט נישט געוואלט, נאר ענדלעך האט זי געמוזט נאכגעבן.

עטלעכע מינוט נאכאנאנד האט וו ע נ ט ו ר א אלץ געקוקט אין שפּיגל, און האט זיך בשום־אופן נישט דערקענט אין יענער גרוילנדיקער מאסקע, אויסגעקריצט פונם נקמה'דיקן וויטריאל: איין אויג איז אים איינ־גאנצן פארשוואונדן און דאס גאנצע געזיכט איז געווען העסלעך פארקריפּלט, צעקארבט אין טונקל־בלויע קארבן, וואס האבן אים צוגעגעבן א שוידער־לעכן אויסזען.

וו ע נ ט ו ר א האט מיט כעס א שליידער געטאן דעם שפּיגל און האט אויסגעשריען אין א טאן פון העכסטער פארצווייפלונג:

— מיין רעוואלווער!.. מיין רעוואלווער!...

צו וואס האט איר מיך ביים לעבן דערהאלטן, איר אומפארשעמטע?.. צו וואס טויג אזא לעבן?..

און אופציטערנדיק אין קראמפּן, האט ער שלוכצנדיק צוגעגעבן:

— ווער וועט איצט מיך קאנען ליב האבן...

— איך, — האט ל י נ א באשיידן געענטפערט.

— איר? — האט וו ע נ ט ו ר א א פארוואונדעטער איבערגעפרעגט.

— דו וועסט ליב האבן אזא פארזעעניש?..

— שטענדיק האב איך נאר דיך געליבט, שטענדיק! און ווייל איך האב נאר דיך געליבט, ווייל איך האב צוריקגעוויזן אזעלכע חתנים ווי פ א נ־

ט ש א, דערפאר וואס איך האב מיך קיינמאל נישט אומגעקוקט אף די ליבנסווירדיקייטן פון קיינע מענער, האב איך געקראגן דעם צונאמען, די באבעצע!

— אבער אין דעם צושטאנד טארסטו מיך נישט ליבן, לינא! — האט דער יונג א זאג געטון גערירט. נאר זי האט ווייטער גערעדט:

— איך ליב דיך אייביק, אייביק, אייביק!... ווען דו ביסט שיין געווען האב איך דיך מער געליבט ווי וועלכע נישט איז אנדערע פרוי איז אימשטאנד געווען דיך צו ליבן, און איצט, אז דו האסט פארלוירן דיין שיינקייט האב איך דיך אויך ליב און וועל דיך ליבן, ווי קיין פרוי אף דער וועלט וואלט דיך געקענט ליבן דאן, ווען דו ביסט נאך שיין געווען...

וועניעטורא איז א ווייל שטיל געבליבן, און באלד האט ער זי פעסט איינגעשלאסן אין זיינע ארעמס, מורמלענדיק:

מיין ארעמע לינא!.. מיין ארעמע „באבעצע"!.. דיין מזל איז שוין אזא, צו זיין שטענדיק א באבעצע, צו זיין גוט אן א ברעג, אף אזוי ווייט, אז דו האסט געקאנט מאכן, עס זאל אופשפראצן די ליבע, די אמת'ע ליבע, אין מיין עקרהדיקער נשמה!... מיין ארעמע „באבעצע"!...



# ס'איז אַלץ איינס.

פונדערוווייטנס, אין א זוניקן פארנאכט, האט ד א ן ט י ב ו ר ס י א'ס ראַנטשע אויסגעזען ווי א גרויסע און שווארצע חיה — א פארזעעניש, וואס האט איינגעדרעמלט אונטערן שאטן פון צוויי געדיכט־פארצווייגטע פייגנ־בוימער. עס האט אמאָל — מיט יארן צוריק — א „פּאמפּערא" צודרייט די קראַקוועס און אויסגעקרימט דעם דאך, איז ער פארבליבן אט אזוי, ווי א הוט אף א „קאמפּאדרע", אונטערגעהויבן און צוגעפּלעטשט אף איין אויער.

צורעכט מאכן עס, איז נישט געווען ווער, ווייל ד א ן ט י ב ו ר ס י א איז געווען אן אפּגעלעבטער, אַלטער מאַן, וואס די יארן האבן אים דער־קוועטשט און איינגעהויקערט, און ער האט שוין געשארט מיט די פיס און געקוקט אין דער ערד אריין, אזוי ווי א חזיר, און א חוץ דעם, איז גארנישט נויטיק געווען צו פארריכטן עס. ס'איז אַלץ איינס: דער בהמה'ס קאליר בא'טעמ'ט נישט דאס פליישׂ.

דאס אייגענע האט זיך געטראכט ק א ז י מ י ר א, זיין ווייב, אן אַל־טיטשקע, פארוועלקטע פרוי, פארשטארט און נערוונצלט, ווי א פארדארטע צווייג, וואס האט נאר געהאלטן אין איין בורטשען און מער איז איר קיין זאך נישט אנגעגאַנגען.

און מ א ו ר א — די קליינע מ א ו ר א, האט איינגעפונען, אז די ראַנטשע איז גאר שענער אזוי, אנגעבויגן און שמוציק, ווי א גאוטש, א טרובאדור. מ א ו ר א און געווען א שיינהייט, און פריש איז זי געווען און מונטער, אזוי ווי א יונגע שקאפע, וואס מען קען זיך שפּיגלען אינם גלאַנץ פון איר באַנייטער סאמעטענער פעל.

דאך, אין יענעם הארבסטיקן זונטיק, — א טאג, א דורכזיכטיק־ווייס־

לעכער, און צעשוואומענע ווי אן איי־ווייסל, — איז די קליינע געווען מאָדנע אומרואיק און פאַרטראַכט. איר פולער בוזים האָט זיך אַנגעסטלעד געוואָרפן אינם אייזערנעם שטייג פון קאָרסעט; די פיס האָבן איר געציטערט און דאָס ציצענע קליידל אויף איר, האַרט אָנגעקראָכמעלט, האָט געטרעשטשעט; איר געזיכט, וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר און די האַרבקייט פון אַ האַלב צייטי־קער פערעשקע, האָט אויסגעזען עפּעס בלאַס, אָפּשלאַגנדיק פון אַ פלאַמיק־רויטן זיידענעם קעלנערל; אירע פעך־שוואַרצע האָר, געדיכט ווי אַ פּאַרוואָק־סענע בייט, טראַציקע, פאַרשייטע, האָבן זיך געראַנגלט ווי אַ ווילדער פערד, צו באַפרייען זיך פון די האָרנאַדלען און קעמעלעך, וואָס האָבן זיי געהאַלטן צוזאַמענגעפּרעסט; די אויגן אירע האָבן געהאַט די געהיימניספולע און טיפע טונקעלקייט פונם וואַסער, וואָס רוט אין דער ווייטער טיפעניש פונם ברונעם, און אירע ליפּן, וואָס האָבן געהאַט דעם קאָליר פון אַלטן ציגל, און די זאַפטיקייט פון אַ יונג־רינדערנעם בראָטן, האָבן ווען ניט ווען אויפ־געצוקט מיט אַ ציטער, אַזוי ווי אַ שטיק פלייש פון אַן ערשט געקוילעטער בהמה.

זי איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין מחשבות, שטייענדיק בײַם פייער אין דער קליינער קיך, אַז זי האָט נישט באַמערקט ווי די מילך אין דער פאַן האָט זיך אויפגעהויבן און אויסגעלאָפן, שיפּענדיק און טשאַדענדיק, ביז דאַניאַ קאַזימיראַ, וואָס האָט דערפילט דעם טשאַד, האָט אויסגע־שריען פונם הויף אַרויס:

— די מילך ווערט דאָך פאַרברענט, דו שטרויספויגל!..

מאַוראַ איז באַלד געקומען צו זיך, ווייל געוויינלעך פלעגט די מאַמע אירע זי אָנרופן צויג, ווילדע שקאַפע, זשעגווע, בהמה, נאָר אַז זי האָט שוין געזאָגט שטרויספויגל, איז אַ סימן, אַז זי איז געווען רעכט אין כעס, און כמעט שטענדיק פלעגט זי באַגלייטן דעם דאָזיקן שימפּוואָרט מיט אַ בוכצע אין די זייטן אָדער אַ ריס פאַר א זשמעניע האָר. און באמת האָט די קליינע געהאַט איבערגענוג מאָטיוון צו זיין פאַרטראַכט; אין יענעם זעלביקן טאָג, ווען די נאַכט וועט נאָר האָבן צוגעפאַלן, האָט זי באַדאַרפט פאַרלאָזן אויף שטענדיק אירע דריי ליבע אַלטע וועזנס, — דעם פאָטער, די מוטער און די ראַנטשע, — צווישן וועלכע זי איז געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן.

און ווען דאָס וואָלט כאָטש ווייניקסטנס געווען די איינציקע אורזאַך פֿון אירע פֿיינלעכע ספֿקות און זאָרגן!.. זי האָט גוט געוואוסט, אַז אַלע טייַבעלעך, ווען זיי באַקומען פֿעדערן און קענען פֿליען, פֿאַרלאָזן זייער נעסט, אום צו ערפֿילן דעם געבאָט פֿון דער נאַטור... אָבער עס איז געווען נאָך אַ זאַך; עס האָט אַ גרויל־נדיקער צווייפֿל געעגבערט איר קליינעם שטומפּיקן מוח'ל. האָט זי ל י ב אַ ר י אַ'ן טאַקע באמת געליבט?.. ווען זי האָט ארויסגערופֿן אין געדאַנק זיין געשטאַלט, נאָר זיין געשטאַלט אַליין, האָט זיך איר געדאַכט אַז יאָ; אָפּטמאָל האָט אָבער פּאַסירט, אַז תּיכף נאָך אים האָט זיך געוויזן, גאָר אומגעבעטענערהייט, דאָס געשטאַלט פֿון נ ע מ ע ס י אַ'ן, און דאָס האָט זי צומישט און זי האָט געקווייַנקלט מיט איר אורטייל.

דאָס איינענע וואָלט פּאַסירט מיט ווען ניט איז אַף איר אָרט, ווייל ל י ב אַ ר י אַ האָט זי פֿאַר'כשופֿ'ט מיט זיינע געזאַפּרענטע לאָקן, מיט זיין קול, וואָס איז זיסער געווען פֿון האָניק, מיט זיין קעצישער פֿלינקייט און מיט זיין שם פֿון אַ ספּריטנעם סקאָט־גנב און פּאָליציי־שלעגער; נאָר אויך נ ע מ ע ס י אַ האָט מיט זיין פּאַרנעם אויסגעפֿילט אַ שטיק ליידיקן פּלאַץ אין איר האַרצן.

נ ע מ ע ס י אַ איז געווען כמעט אַן אינדיער און העסלעך ביז נאַר. און אַ האַרטער מענטש איז ער געווען, גלייך ווי אַ שטיין, און ליבערשט איז געווען צו האַלטן אַ קראַפּעווע, איידער אָנצורירן זיך אָן אים. גערעדט האָט ער זייער ווייניק און מ'האָט כמעט נישט פֿאַרשטאַנען וואָס ער האָט גערעדט, ווייל די ווערטער וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט פֿונם מויל האָבן זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין זיינע גרויסע וואָנצעס און עס איז אַרויסגעקומען עפּעס אַן אומדייטלעכער גערויש. זיין קערפּער איז געווען אומגעלומפּערט גרויס און אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ קליינינקן, אַ קיילעכדיקן, באַוואַקסן מיט שטייפֿע האָר, ענלעך צו אַ אינדיאַנישן פּייגנבוים, פֿון די וואָס וואַקסן אַף אַ פּעלזיקן באָדן.

אָבער, נ ע מ ע ס י אַ איז געווען אַ פּאָליציי־סערזשאַנט. זיין סאָלדאַטסקער זשאַקעט, די קעפּקע, די שפּאָרן און די שווערד, — איבערהויפּט די שווערד, — האָבן אים געשאַפֿן גרויס פּרעסטיזש, וואָס האָט זיך נאָך פֿאַרשטאַרקט דורך די צווייַ פֿאַרשוינען, וואָס האָבן שטענדיק און אומעטום אים באַגלייט

מיט רעספעקט. ער איז געווען א שטיקעלע „גאַבּיערנאַ״, ווייל ער האָט גע־טראָגן אַ אוניפאָרם און אַ שווערד און האָט „מאַנדירט״.

שוין אַ צייט לאַנג ווי דער סאָרכענטאַ און דער באַנדיט האָבן ביידע דעם זעלביקן חשק און אַפּעטיט געהאַט צו דאָן טיבורסיאָ׳ס טייבעלע, און זי האָט ניט געוואוסט נעמען זי זאָל אויסקלייבן. נאָר ליבאַריאַ, ווי עס זעט אויס, אַ מער געוואַגטער, האָט איר לעצטן מאָנטיק אָנגעזאָגט זי זאָל זיך צוגרייטן, ווייל זונטיק וועט ער זי „ארויסנעמען״. און זי... וואָס זאָל זי טון?.. האָט איינגעשטימט און שוין.

און אָט איז געקומען דער זונטיק. ליבאַריאַ האָט אויסגעקליבן דעם דאָזיקן טאָג, אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, וואָס נעמעסיאַ מיט זיין גאַנצער פּאָליציי, האָט געמוזט אַוועק אָפּן גרויסן וועט־לויף, וואָס איז גע־שפּילט געוואָרן אין קלייט ביים גאַזשענגאַ פּערעז. מאָורא האָט זיך געפּרואווט לאָזן בעטן, געוואָלט אָפּלייגן די רייזע, אָבער דער יונג האָט איר ברוטאַל אַ זאָג געטון:

— נאָך וואָס?.. אויף אַזעלכע זאַכן דאַרף מען קיין דאַטום נישט באַ־שטימען און דאָס וואָסער צייט מען ארויס פון ברונען ווען מ׳איז דורשטיק!.. גרייט־צו דיינע שמאָטעס און אַז עס וועט טונקל ווערן, וועסט דו מיך אָפּ־וואַרטן אונטער די פייגנבוימער!..

נו, וואָס האָט זי געזאָלט מאַכן?

די נאַכט איז אָנגעקומען. עס איז געווען פינסטער־חושך, און נאָר דער אינסטינקט האָט געוויזן דעם וועג. ליבאַריאַ איז געפאָרן פּאַמעלעך, פירנדיק מיט זיך זיין טייערן שאַץ, דאָס ברונעטע טיידל, וואָס איז געזעסן הינטער אים אויף זיין „טאַרדיזשאַ״.

זיי האָבן נישט גערעדט. ער האָט חלומות געוועבט, זי האָט אַלץ חשבונות געמאַכט, די נישטיקע קליינלעכע חשבונות וואָס די גראָבע נפשות מאַכן אין די פייערלעכסטע מאָמענטן.

פּלוצלונג האָט דער נאָוטש איינגעהאַלטן דאָס פערד: פון רעכטס האָט ער דערהערט אַ גערויש פון מענטשן און וואָפן.

— די „פּאָלעסיאַ״! — האָט ער ארויסגעברומט. — און זיי שניידן מיר איבער דעם וועג... אַ, דו פּאַסקודנע באַשעפעניש!.. נאָר ס׳איז אַלץ

איינם: מיר וועלן זיך א לאז טון גלייך איבערן וואסער...

— איבערן וואסער! — האט מ א ו ר א אויסגעשריען דערשראקן.

— האב קיין מורא נישט, מיין „טשינא"; נישט אומזיסט איז מיין טייערער פערדל א „טארדיזשא", ער גיט זיך א לאז אין וואסער אריין פונקט ווי א שיף!..

מיט צען מינוט שפעטער זיינען זיי שטיין געבליבן ביים ברעג פון א ברייטער אזערע, וואס האט זיך געשווארצט אין דער רואיקייט פון דער נאכט.

— איך האב מורא!.. איך האב מורא!.. — האט מ א ו ר א געכליפעט, און ער טרייסט זי:

— שרעק דיך נישט, מיין אוצר. האלט זיך נאר צו שטארק אן מיר און פארמאך די אויגן.

— מיר וועלן זיך דערטרינקען, ל י ב א ר י א!..

— וואו האסטו געזען, אז א נוטריע זאל זיך דערטרינקען... האלט זיך נאר פעסט אן מיין שטארקער ברוסט און זיי זיכער, אז דארט וואו א פיש קען דורכלויפן, וועל איך מיט מיין „טארדיזשא" אויך דורכלויפן!..

נאענט, גאר נאענט, האבן געקלאפט די קאפיטעס פון די פערד פון די פארפאלגער, און עס האט זיך דייטלעך געהערט דער געקלאנג פון די שווער־דן. דער דערפארענער יונג האט אופגעהערט מיט זיינע צערטלעכקייטן:

— „וואמאס"!.. — האט ער גראב א באפעל געגעבן. און א זעץ טוענדיק דעם „טארדיזשא" מיט די שפארן, האט ער זיך אווארף געטון אין וואסער. נאר די „טשינא' האט זיך אינם זעלביקן אויגנבליק פלינק א ווארף געטון אף דער ערד, און ווען ל י ב א ר י א איז ארוף אפן וואסער־פלאך, האט ער אויסגעדרייט דעם קאפ און האט א שליידער געטון אין טיפן נאכט־חושך די בלוטיקסטע קללה פון א גאוטש.

באלד האט אפגעהילכט א ביקסן־קנאל... דער יונג האט א ברום געטון ווי א פארוואונדעטער לייב, האט איינגעלאזט די גריווע פונם „טארדיזשא" און אראפגעזונקען אין די שטילע וואסערן פון דער אזערע.

באמערקנדיק ווי ער איז פארשוואונדן, האט דער סארכענטא נ ע מ ע־ס י א ארויסגערעדט:

— א פגר פאר די „טאראריראס".

און זיך וועגדנדיק צו מ א ו ר א׳ן, וואס איז געזעסן איינגעהארבעט, א דערשראקענע צום טויט, האט ער איר צוגעווארפן א מיאוסן שימפוואָרט און האט אופגעהויבן די רעוועגקע איר צו דערלאַנגען.

זי האט פארשטעלט דאס געזיכט מיטן האנט און איז געבליבן זיצן ווי א דערשראקענע קאץ. ער איז זי באפאלן מיט דער גרעבסטער זידלעריי: נאר ביסלעכווייז איז ער ווייכער געווארן און א צערטלעכקייט האט זיך אין אים צוגאסן, און אזוי ווי קיין צערטלעכע ווערטער, אויסצודריקן עס, האט ער נישט פארמאגט, האט ער איר דערלאַנגט א קוש.

זי האט זיך צעוויינט, און ער האט זיך אנגערופן:

— ווילסט גיין מיט מיר?..

זי האט גלייך אונטערגעצויגן דעם חשבון פון די אלע קליינלעכקייטן, וואס אין זייער זכות קאן מען לעבן. זי האט אויך א טראכט געטון, אז וויבאלד ל י ב א ר י א איז טויט, איז שוין דער גאנצער ענין פשוט׳ער, און זי האט געענטפערט, נאך אלץ וויינענדיק:

— זאל זיין אזוי.

און נאכדעם, באטראכטנדיק אים געזיכט צו געזיכט, האט זי נאאיוו זיך מודה געווען:

— ס׳איז אלץ איינס!..



# גיב מיר צייט, ברודער!

א י נ ד א ל ע ס י א און כ ו א ן א נ ט א נ י א זיינען געווען ווי צוויי חזירים.

אף גאוטש־לשון וויל עס זאגן, אז זיי האבן זיך צוזאמען געוואלגערט, האבן זיך אינאיינעם געקראצט און ביידע גלייך געהירזשעט.

מעגלעך, אז א סאך וועלן דאס אזויפיל פארשטיין נאך דערדאזיקער דערקלערונג, פונקט ווי אן איר, און דאן איז גלייכער, זיי זאלן עס גארנישט לייענען, ווייל זיי וועלן אויך נישט באגרייפן די פסיכאלאגישע סתירה, וועגן וועלכער דא האנדלט זיך.

אלזא! א י נ ד א ל ע ס י א און כ ו א ן א נ ט א נ י א זיינען געווען ווי צוויי חזירים. פעאנעס אינם זעלבן גוט, באשעפטיקט ביי דער זעלביקער אר־בעט, זיינען זיי אין פארלויף פון יארן גלייך באלוינט געווארן מיט ביסלעך מינץ פון דעם באלעבאס און מיט קללות פון דער באלעבאסטע, צוזאמען האבן זיי געטריקנט אין די הייסע זומער־טעג און צונאמען געפרוירן אין די רעגנדיקע ווינטערן און גאנץ אפט זיינען זיי ביידע געשלאפן אין מיטן סטעפ, טרייבנדיק אקסן, אדער האקנדיק „ראמעס” אין וואלד; אניט זיינען זיי געשלאפן צוזאמען אין א ווינקל פון נאלפאן אף די פעל פון בהמות, אדער אף די פעקלעך וואל, זייט ביי זייט, א פאנטשע אף א פאנטשע. מיט איין ווארט, זיי זיינען געווען א פאר חזירים.

כ ו א ן א נ ט א נ י א איז געווען א יתום: א יתום, ווי איינער פון די טאלא־בוימער, וואס וואקסט ארוים צווישן שטיינער, פון קיינעם נישט געפלאנצט.

א י נ ד א ל ע ס י א איז געווען א יתום, ענלעך אין זיין אפשטאם צו

דעם אַמבו, וואָס שפּראָצט אַרויס אַף די פּעלז־ראַנדן, אָן דעם, אַז אַ מענטש־לעכע האַנט זאָל האָבן די ערד צוגראָבן און דאָרט אַ קערנדל אַוועקלייגן.

ביידע זיינען זיי געווען גאָוטשאַס; אָבער מיט איין אונטערשיד: דער אַמבו איז שטענדיק איינזאַם, אַ בן־יחיד פונם וואַנדערנדיקן ווינט אָדער פון אַ דראָזד, אַ באָהעם. די טאַלאַ־בוימער, אין געגנטייל, שטאַמען פון פּרוכט־באַרע זאַמען־נעסטן און וואַקסן מערסטנטייל קוסטעסווייז.

און אַזוי, איז א י נ ד א ל ע ס י א געווען איינער אַליין, ווי דער מאַר־גנשטערן, און כ ו א ז א נ ט א נ י א האָט געהאַט דריי ברידער מיט אַ שוועס־טער. די ברידער האָבן געלעבט ערגעץ יעדער באַזונדער, און די שוועסטער איז אופגעהאָדעוועט געוואָרן און געדינט אינם זעלביקן גוט.

ב ע נ י ט אַ איז געווען אַ „קריאַזשאַ“, אַ זאַפּטיקע, ווי אַ גוט שטיקל „פּוטשערא“. נישט הויך, נישט נידעריק, נישט דיק און נישט מאָגער. קיין שיינע איז זי נישט געווען, נאָר האָט זי אַ פּאָר שעלמישע אויגן געהאַט — אַ שרעק! און ליפּן, דיקע און רויטע, פון וועלכע עס האָט געשפּראָצט די תאווה.

צוליב דער פריינטשאַפט פון די צוויי יונגע לייט, איז א י נ ד א ל ע ־ ס י א מיט ב ע נ י ט א'ן אויך געווען באַפריינדעט. אָנגעהויבן האָט זיך עס שפּילנדיק. אין אַ שיינעם טאָג, האָט ער זיך אָנגערופן:

— נו וועל איך דיר געבן אַ קוש!

— הער אוף, משוגענער — האָט זי אים געענטפערט, זיך אָפּווערנדיק; אָבער א י נ ד א ל ע ס י א האָט זי שוין געקושט; פריער האָט ער זי אַ קוש געטון אין מויל, פון וואָס זי האָט זיך שטאַרק פאַררויטלט, נאָכדעם האָט ער זי געקושט אין האַלז, האָט זי דאַן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און איז אַנטלאָפן, מאַכנדיק אַ ברוגז־אָנשטעל.

פון דעמאָלט אָן... איז שוין דער ליבעס פּראָצעס געגאַנגען מיט דעם אויסגעטראָטענעם וועג. און עס איז געקומען אַ טאָג, ווען כ ו א ז אַ נ ט אַ ־ נ י א, טרינקנדיק אַ מאַטע מיט א י נ ד א ל ע ס י א'ן, האָט פאַרפירט מיט אים אַזאַ שמועס:

— הער נאָר אויס, ברודער! איך ווייס פון דיין פּלאָנטער מיט ב ע ־ נ י ט אַ'ן, און דו פאַרשטייסט דאָך, אַז מ'דאַרף עס מאַכן אָנשטענדיק.

— וואס איז? האט ארויסגעשטאמלט א י נ ד א ל ע ס י א. — און דער חבר זיינער האט אים געענטפערט געלאסן, און זיין שטימע האט געקלונגען, ווי די קלעפ פון א האמער אף אייזן:

— וואס איז?.. אז מען דרייט צונויף א לאסע, עס זאל זיין א לאסע, מוז מען מאכן א פעטליע... נישט אזוי?

— געוויס.

— זאג נאר, ווען ווילסטו חתונה האבן?

— איך ווייס נישט... דו ווייסט דאך אז איך... בקיצור: גיב מיר צייט, ברודער!..

— געוויס גיב איך דיר צייט!.. איך רייד נאר מיט דיר איצט וועגן דעם, ווייל מ'קען נישט ארייננשטעלן דעם „פאסט", אויב מען גראבט פריער נישט אויס די גרוב... נישט אזוי?..

— געוויס אזוי.

און א גאנצן חודש נאכדעם זיינען זיי ווייטער געווען די זעלביקע פאר חזירים. און האבן וועגן דעם ענין מער נישט גערעדט, ווייל כ ו א ן א נ ט א נ י א האט קיין איין רגע נישט געצווייפלט אין דער אויפריכטיקייט פון זיין פריינט. אבער ס'איז אוועק נאך א חודש, און כ ו א ן א נ ט א נ י א האט זיך דערוואוסט, אז א י נ ד א ל ע ס י א האט זיך אין געהיים צוגעגרייט אוועקצוגיין פאר א „פועסטערא" אין א גוט פון ר י א ג ר א נ ד ע.

דאן האט ער אים צוגערופן, אוועק מיט אים צוזאמען צום נאענטן מייכל און האבן זיך דארט צוגעזעצט אף די שטיינער. ער האט ארויסגענר־מען זיין טאבאק־טארבעלע, האט געמאכט א ציגארעטל און האט איבערגע־געבן דאס טארבעלע א י נ ד א ל ע ס י א'ן. באלד נאכדעם האט ער זיך אנ־גערופן:

— הער אויס ברודער! דאס שפיל איז געענדיקט און מ'מוז ארויספארן... דו האסט חתונה, אדער דו האסט נישט חתונה?..

א י נ ד א ל ע ס י א, עטוואס בלייך ווערנדיק, האט געענטפערט:

— אבער, גיב מיר צייט, ברודער!..

— יא, — האט כ ו א ן א נ ט א נ י א געזאגט; — איך גיב דיר די גאנצע צייט, וואס וועט ביי מיר גערויערן אויסרויכערן דעם ציגארל, אז

דו זאָלסט באַשליסן וואָס דיין געוויסן וועט דיר הייסן. איז עס אַף יאָ... נאָך מער גוטע ברידער ווי שטענדיק. איז עס אַף ניין... זיי געוואָרנט, אַז איך שים דיר אריין אַ קויל און וועל זיך דערביי אפילו נישט אַ קרים טאָן. באַדיינק זיך...

אינדאַלעסיאַ איז געוואָרן שטאַרק אופגעבראַכט. ער האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט. אַ ווײַלע האָט ער נאָכגעדיינקט, און האָט אַרויס־גערעדט:

— הער אוים ברודער! איך האָב בעניטאָ׳ן נישט ליב און עס איז נישט אַנשטענדיק צו גיין אין שפּאַן מיט אַ זי וואָס מ׳האָט נישט ליב... אָט דאָ האָסטו דעם אמת, איצט באַשליס דו...

— איך באַשליס — האָט אים ערנסט געענטפערט דער פריינט זיינער — דיך צו דערשיסן.

— אָט אַזוי־אַ, ווי אַ הונט, און נישט געבנדיק מיר קיין צייט צו פאַרטיידיקן זיך?

— אָט אַזוי־אַ.

אינדאַלעסיאַ האָט אַ ווײַלע נאָכגעדיינקט; נאָכדעם האָט ער אַרויסגערעדט אַנטשלאָסן:

— בעניטאָ׳ן האָב איך נישט ליב, נאַר, איצטער, ווען איך זאָל זי אפילו יאָ ליב האָבן, וואָלט איך אויך נישט חתונה געהאַט מיט איר, ווייל דו וואָלסט געוועזן דער ערשטער מיך צו פאַראַכטן, גלויבנדיק אַז איך האָב איינגעווילינגט פאַר מורא. ס׳איז מיר ליבערשט זאָלסט מיך טויטן, איידער דו זאָלסט מיך פאַראַכטן...

— מיר איז עס אויך ליבערשט, — האָט כואַן אַנטאָניאַ געענט־פערט אַנגעכמורעט. — דאָס לעצטע וואָרט?..

— אַ גאָוטש האָט נישט קיין צוויי.

— זאָל דיר גאָט מוחל זיין, ברודער!

אַ שאָס האָט אָפּגעקלונגען און אַ מענטש איז געפאַלן טויט.



# אַן אויסערגעוויינלעכער קריגס־געריכט

עס איז שוין אַ לאַנגע צייט אין דעם. די ארמיי האָט דעמאָלט פאַר־ מאַגט וויינציק עלצטע, וואָס זאָלן נישט געהערן צו דעם קלאַסישן טיפּ פון די אַלטע סאָלדאַטן.

געוויינלעך זיינען זיי אַלע געווען ווילד, אומגעבילדעט און אָפּגעריסן פון געזעלשאַפט. נישט ווילנדיק האָבן זיי געמוזט זיין אַזוי, ווייל זיי זיינען אויפגעוואַקסן און אַלט געוואָרן אין שטענדיקע מלחמות, פריער מיט פרעמדע און נאָכדעם מיט אייגענע שונאים, און זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט צו לערנען אין די שולן און באַזוכן די סאַלאָנען.

דאָס זיינען געווען אמת'ע באַרבאַרן.

דער קאָמאַנדאַנט ל ו ס י א ס אַ ל וו אַ ט י ע ר אַ איז געווען איינער פון די כאַראַקטעריסטישע טיפּן פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע: אַ פאַרווילדע־ וועטער פּראָווינציאַל, אַ נידעריקער, אַ געזעצטער, וואָס האָט שטענדיק גע־ האַלטן אין איין בורטשען, און וועגן זיין עלטער האָט מען בלויז געוואוסט, אז ער איז אַ זקן. נישט ער אַליין האָט געוואוסט ווי אַלט ער איז, ווי ער האָט אויך נישט געוואוסט פון וואַנען ער שטאַמט, כאָטש ער איז געווען זיכער, אַז ער איז פון „פון דאַרטן, פון מזרח", ווי ער פלעגט זיך אויס־ דריקן. לויט זיין אויסזען, האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ „קאַרענטינאַ"; ער האָט אָבער פּראָטעסטירט, איבערווייזנדיק מיט זיינע איבערצייגנדיקע אַרגומענטן, אַז ער קאָן נישט שטאַמען פון קאַריענטעס, ווייל ער האָט גע־ קענט ריידן און נישט וויינען דערביי, און האָט אויך נישט געקענט שווימען.

די זאַך איז, אַז נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ סאַך יאָרן געשלאָגן מיט די ווייסע אין אינערן פון לאַנד און מיט די אינדיאַנער ביי דער גרעניץ, האָט

ער כשר פארדינט זיין אפרו; און די רעגירונג האט עס אים באוויליגט, און האט אים באשטימט פאר שעף פון דעם גארניזאן אף מ א ר ט י ן ג א ר ס י א.

ס א ל וו א ט י ע ר א האט דעם פאסטן אנגענומען אן באגייסטערונג; און ווען ער איז אנגעקומען אהין, האט ערשט זיין אומצופרידנהייט ארויסגעפלאצט אין קללות און דראונגען.

דער וואונדערשיינער אינזל פון א ל ב ע ר ד י, די צויבערלעכע קעניגן פונם פלאטא־טייך, וואו ס א ר מ י ע נ ט א האט גע'חלומ'ט, עס זאל זיין די הויפט־שטאט פון די צוקונפטיקע פאראייניגטע שטאטן פון זיד־אמעריקע, האט אויסגעזען אין די אויגן פונם גאוטש ווי א נישטיקער שמאלער לויף־פלאץ, ביי זיינע געוואוינהייטן פון א צענטאוור. יענער נאקעטער פעלז, וואס איז געשטאנען אינמיטן דעם גרויסן טייך און וואו מען האט נישט געקענט „גאלאפירן קיין דריי קווארטאלן", האט אים ארויס־געבראכט פון די כלים. די רעגירונג האט פון אים חוזק געמאכט; אדער, גלויבנדיק, מעגלעך, אז ער איז פארמישט אין עפעס א פארשווערונג, האט מען אים דארט באגראבן אינאיינעם מיט די ארעסטאנטן, וואס ער האט זיי געדארפט היטן, צוזאמען מיט די באנדיטן, פון וועלכע עס איז באשטאנען דער דארטיקער גארניזאן. — א לאך פאר שליינג, פאר מייז און מויל־וואורפן — א וואוינונג פאר מענטשן!..

און נאך וואס:

— לייגסט זיך אין בעט אריין שלאפן און טוסט זיך אומגערן שלעכט א דריי, פאלסט דו גלייך אין וואסער אריין.

דאס האט אים טאקע געערגערט מער פון אלץ: די וואסערן „וואס האבן געיאגט מיט אימפעט און גאלאפירט אין דער וועלט אריין", ווי עס פלעגט מיט כעס ארויסברומען דער קאמענדאנט.

נאר עס איז קיין אנדער ברירה נישט געווען ווי אנצונעמען עס פאר ליב, און ער האט זיך אונטערגעגעבן. חוץ דעם האט אים שוין נישט גע־פעלט קיין זארג, ווייל ער האט געדארפט היטן, אי די ארעסטאנטן, אי די סאלדאטן פון גארניזאן, וואס זיינען אויך געווען גרויסע באנדיטן און פאר־שיקט אהינצו איבערגוואלד, פונקט ווי די ערשטע. אין פארלויף פון איין

חודש האָט ער שוין צווײ מאָל געמוזט אַנטון דעם פאַרגעניגן זײַן אויס־געקרימטן שווערד, ער זאָל זײ אַרײַנקלאַפּן אין קאָפּ, אַז סאָלדאַטן דאַרפן זײַן געהאָרכזאַם.

דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן, און די סאָלדאַטן און די געפאַנגענע פלעגן אײנער נאָכן אַנדערן פאַרשווינדן אויף אַ געהיימניספולן אופן. ער איז געווען שטאַרק אומרואיק. עס פלעגט כמעט נישט פאַרבײַגײן קײן אײן וואָך, אַז אימיצער זאָל נישט אַנטלויפן.

ווי אַזוי?.. קײן שיפן זײַנען דאָרט נישט געווען. איבערשווימען?.. איז געווען אַ צו גרויסע שטרעקע צווישן אינזל און דעם אורוגוואַיער ברעג, און אויב אײנער אַן אויסערגעוויינלעכער שווימער זאָל קאָנען דערגרייכן אַזאַ קונץ, איז אָבער פאַר קײן פאַל נישט מעגלעך, אַז אַזויפיל אַרעסטאַנטן און סאָלדאַטן זאָלן אויף אַזאַ אופן נאָכאַנאַנד פאַרשווינדן. פאַר די דרײַ חדשים, וואָס ער געפינט זיך אויפן אינזל זײַנען שוין דרײַ פון די ערשטע און פינף פון די לעצטע אַוועק ווי מיטן רויך.

סאַלוואַטעראַ איז געווען אויסער זיך פאַר כעס און איז נעכט נישט געשלאָפן, נאָכשפּירנדיק און דראָענדיק מיט די האַרבסטע שטראָפן די אַנטלויפנדיקע אָדער זײערע מיטשולדיקע. אָבער ס'איז אַלעס געווען אומ־זיסט. אויף דעם וויסטן אינזל האָט ער קײנמאָל נישט באַגעגנט קײן אַנדער לעבעדיקע באַשעפעניש חוץ דער „טוביאַנער", אַ „פּעטיסאַ" און אַ באַלעבאַס, וואָס האָט זיך רואיק געפּיטערט אויף דעם טרוקענעם גראָז.

אין אַ געוויסן אָוונט האָט־זיך דער קאָמענדאַנט געפילט נישט מיט אַלעמען. ער האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין בעט און האָט באַפוילן, מ'זאָל אים פאַרפאַרען ראָמאַשקעס־בלעטלעך, און מ'זאָל אים צולייגן צום האַרצן אַ קאָמפּרעס פון חלב.

— חלב איז דער בעסטער מיטל פאַר אַלע חולאת'ן — האָט ער דער־קלערט.

און אים, ווײַזט אויס, האָט עס טאַקע געהאָלפן, ווײַל באַגינען, ווען עס האָט נאָך געפעלט העכער אַ שעה צו טאָג, האָט ער זיך אָנגעטאָן, גענומען זײַן ביקס און איז שטיל אַרויסגעגאַנגען, ניט אַפשרעקנדיק זיך פאַר דער קעלט. ער האָט שטיל, אָבער שנעל, דורכגעשפּאַנט דעם גאַנצן ברעג טייך,

און עס האָט אים געוואונדערט, וואס ער האָט נישט אָנגעטראָפן די „טור־ביאַנאַ“. וויפיל ער האָט נישט געזוכט, איז געווען אומזיסט, און ער האָט שוין אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז די זשעגווע איז דערטרונקען געוואָרן. נאָך מיטאָמאָל, וואָרפנדיק אַ בליק אַפן טייך, האָט ער דערזען, ביים ערשטן שיין אַף טאָג, עפּעס ווי אַ בערגל וואס איז געשוואומען אין דער ריכטונג צום אינזל. ער האָט זיך תיכף באַהאַלטן און נאָכגעשפּירט. באַלד האָט ער מיט גרויס איבעראַשונג באַמערקט, אַז דאָס איז געשוואומען די שקאַפּע. זי איז גאַנץ פאַרטרוילעך פון וואסער אַרויס, האָט זיך אָפּגעטרייסלט און איז אומגעפאַלן, שטאַרק סאַפּענדיק פאַר מידקייט.

— פיין, פיין!.. זייער פיין!.. — האָט אויסגערופן דער קאָמענדאַנט, און האָט זיך אומגעקערט אין קאַזאַרמע, פּונקט אַזוי שטיל, ווי ער איז אַרויס־געגאַנגען.

אַ ווײַלע שפּעטער איז ער אויפגעשטאַנען, און האָט געלאָזט אויס־שטעלן די סאָלדאַטן אַף פאַרויערקע. באַלד האָט ער באַמערקט, אַז עס פעלט אים אַ סאָלדאַט, דער מולאַט ע ס ט א נ י ס ל א אַ.

אַז דער קאָמענדאַנט האָט זיך שטאַרק צובייזערט און געדראָט מיט די ערגסטע שטראָפן, איז אַרויס דער גאַנצער אמת: אין אַ גינסטיקן מאָמענט פלעגט דער דעזערטיר אוועק צום טייך, זיך געזעצט רייטנדיק אַף דער טור־ביאַנאַ און גלייך אין וואסער אַריין, איבערשווימענדיק צום אַנדערן ברעג. די טוביאַנאַ, ווערנדיק באַפרייט, פלעגט באַלד אַוועקשווימען צוריק אין איר היים.

אויף ס א ל וו א ט י ע ר א'ס באַפעל, האָט מען די שולדיקע אין קאַזאַר־מע געבראַכט. באַלד איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ קריגס־געריכט און אַ באַשולדיקונגס־אַקט, און די טוביאַנע איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט „פאַר העלפן די דעזערטירן“.

מ'האָט אויסגעשטעלט די סאָלדאַטן, אויסגעקליבן פיר שיסער... און דער אורטייל איבער דער „פאַרברעכערין“ איז געזעצלעך אויסגעפירט גע־וואָרן.

פון דעמאָלט אָן האָט זעלטן ווער דעזערטירט פון מ א ר ט י ן ג א ר ס י א.

---

# דעם טיגערס טאָכטער.

די ראַנטשע לואיס ראָלדאַנ׳ס איז געשטאַנען ביים אורוגוואַיער וואַלד, אריבער דער שווארצער לאַגונע, אַנטקעגן נאראנכיטא.

ארום דער ראַנטשע, הארט ביז צו די ווענט, זיינען געוואַקסן אַלערליי דערנער און אַנדערע נעגלדיקע לייט, בייזע און ווילדע, גרייט צו פארהאַלטן יעדן פרעמדן אומגעבעטענעם גאסט. און די טיר פון דער ראַנטשע האָט זיך געעפנט איבערן זומפיקן ברעג פון דער לאַגונע; דאָס איז געווען אַ שמירה פאר „קארפינטשאָס", קאַנענדיק זיך אַ ווארף טון און באַהאַלטן מיט איין טויך אונטערן וואַסער, ביי אַ שטענדיק מעגלעכן איבערפאַל.

לואיס ראָלדאַן האָט דארט געוואוינט אינאיינעם מיט זיין טאָכ־טער, אַ פופצניעריקע „טשיניטאַ", אַ גרויסע שענהייט, נאָר זייער אַ ווילדע. זי איז געווען פון קליינעם וואוקס, אַבער קרעפטיק און פלינק ווי אַ ווילדע קאַץ. האָט געהאַט אַ קיילעכדיק פּנים, אַ פאררים נעזל, דיקע ליפּן, נאַכטשווארצע אויגן און געדיכטע פעכשווארצע האָר, און אַלעם צו־זאַמען האָט הארמאָנירט און באַצויבערט.

נאָר ביים מינדסטן שאָרך אין וואַלד פלעגט די קליינע גלייך אופשפּרינ־גען. אירע נאַקעטע קופּערנע פיס האָבן געציטערט און איר ברוסט האָט זיך האַסטיק געוויגט; די לאָקן אירע האָבן זיך צושויבערט, ווי די אויפגעשפּיזטע פעל פון אַ קאַץ און שטייף געשטרעקט זיך, ווי דער שנור פון אַ פּיילנבויגן; די ליפּן זיינען בלייך געוואָרן פון אויפרעגונג, און אירע אומרואיקע אויגן האָבן געהאַט דעם שפּילנדיקן גלאַנץ פון די אויגן פון אַ פּומע...

אין אַט דעם צושטאַנד פון פארזיכטיקייט און באַרייטקייט צו שיצן זיך, האָט זיך ארויסגעוויזן איר עכטע ווילדע שיינקייט; נאָר צו דער זעל־

ביקער צייט האט זי ארויסגערופן א געפיל פון ערפורכט, אפילו ביי דעם געוואגסטן ליבהאבער.

דעם טיגערס טאכטער האט מען זי גערופן; און אויב זי האט עס נישט באשטעטיקט מיט איר אויסזען און איז, לויט איר שניט, ניט ענלעך געווען צו איר פאטער, וואס איז געווען א דארער, א מיאוסער, מיט א נעשטופלטן פנים, האט זי אבער ארויסגעוויזן די ירושה פון זיין ווילדן כאראקטער אין אירע חיה'שע אינסטינקטן, וואס האבן דערוואכט איז איר דורך דעם ווילדן ארט לעבן, צו וועלכן די וויסטע עקזיסטענץ פונם אומגעצאמטן באנדיט האט זי פאראורטיילט.

עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואס די ווינציקע שפארבן, וועלכע האבן זי געקענט, האבן פאר איר אפשיי געהאט, כאטש אין זייערע נשמות האבן געווים קיין ריינע געפילן נישט געשפראצט.

דאך, האבן כואן סילוועסטרא און רופינא דיאז זי שטארק געגלוסט; נאר קענענדיק זיך, אלס חברים, האבן זיי איינער פארן אנדערן מורא געהאט און זיך געמוזט קליגערן און זיין פארזיכטיק.

נארא האט אבער נישט געוואלט וויסן פון זייער פארזיכטיקייט און קוויינקלעניש און איינמאל אין א פארנאכט, ווען לואיס ראלדאז איז אראפגעפאלן אין ראנטשע, און האט א שליידער געטון אף דער ערד דאס שייפעלע, וואס ער האט נאר וואס געהאט גע'גנב'עט, האט זי זיך ארופגעכאפט אף אים מיט א געוויין, וואס איז ענלעך געווען צו דעם ברומען פון א חיה:

— „טאטיטא"! שוין דריי טעג, אז כואן קומט נישט מער...

— נו, איז וואס־זשע? ווילסט איך זאל גיין און אים „פארלאסירן" און דיר אים ברייננגען צו שלעפן אף דער „סינטשע"?

— ניין, „טאטיטא", רייד נישט אזוי! — האט זי ארויסגעברומט, טופנדיק מיטן פוס, וואס האט זיך באדעקט מיט בלוט, אפן האלדז פונם געקוילעטן שייפעלע... די זאך איז, וואס איך האב אים ליב, כואנ'ען, און ער האלט זיך פון דערווייטנס...

— „אי ד'אי", פארוואס־זשע קומט ער נישט?..

— ווייל רופינא היט מיר אויך די נשמה מיינע, און אט אזוי,

איבער איינעמס שולד אנטלויפט דער אנדערער... אנטלויפן זיי ביידע...

— נאדיר אזעלכע ביקעס!

— איך שפּאס נישט, „טאטיטא‟!.. איך וויל דו זאלסט דער׳הרג׳ענען רופּינא׳ן, און איך זאל האבן כּואנען!..

דער באנדיט האט א שמייכל געטון און האט ארויסגערעדט:

— גוט, מיר׳ן זען.

— ניין! איך וויל עס זאל געשען באלד! שוין!.. און אויב ניט, ווארף איך מיך גלייך אריין מיטן קאפּ אין דער לאגונע!..

און דאס זאגנדיק, איז זי צוגעלאפן צום וואסער און איז געבליבן שטיין, ווארפנדיק אן אנטשלאסענעם, ארויסרופנדיקן בליק אף איר פאטער. ער האט זיך געמוזט פילן שטאלץ מיט אזא טאכטער, ווייל ער האט זיך גוטמוטיק צושמייכלט און זיך אנגערופן:

— נו, גוט, לאמיר צוגרייטן דעם „אסאא‟, און נאך היינטיקע נאכט וועל איך דיר ברענגען רופּינא׳ס קאפּ.

נארא האט געפּאטשט מיט די הענט, געשפּרונגען, געזונגען, און אין איין אויגנבליק האט זי געמאכט א גרויסן פייער. אין דער צייט האט איר פאטער אפּגעשונדן דאס שייפעלע און אנגעטשעפּעט איין ריפּן־זייטל אפן בראטשפּיז.

---

א טיפע פינסטערניש האט געהערשט אין וואלד ווען דער באנדיט איז צוריקגעקומען און האט געלאזט פאלן צו די פיס פונם מיידל, וואס האט אים אומגעדולדיג אפּגעווארט, עפּעס א זאך, וואס זי האט דערשפּירט און האט עס שנעל אופגעהויבן, ציטערנדיק פאר פרייד.

— אבער, וואס האסטו געטון „טאטיטא‟! — האט זי אויסגעשריען מיט ווייטיק, — רופּינא איז דאך אן א באָרד און דער קאפּ איז מיט א באָרד!.. האסט דאך דער׳הרג׳עט כּואנען אנשטאט יענעם...

— קען זיין — האט דער באנדיט געענטפערט קאלטבלוטיק. — אין מיטן וואלד, אין דער פינסטער, קען יעדער איינער א טעות מאכן... און נאך אלעמען, האסטו דאך געזאגט, אז דו האסט זיי ביידן נישט פיינט...

עטוואס געטרייסט, האט זי זיך אנגערופן:

— יאָ, נאָר כּואַן איז מיר ליבערשט געווען!..

— גוט, איצט קען איך דיר אים שוין צוריק נישט גאַנץ מאַכן... זײַ צופרידן מיט דעם וואָס בלײַבט... און דעם דאָזיקן קאָפּ וואַרף אַרײַן אין וואַסער, ער זאָל זיך פֿאַראייניקן מיטן קערפּער, וואָס איך האָב דאָרט אַרײַנגעוואָרפֿן אינעם ווינקל פֿון דער לאַגונע.

נ אָ ר אָ האָט געפֿאָלגט, נאָר זי האָט נאָך אַלץ געמורמלט:

— פֿונדעסטוועגן, איז מיר פֿאָרט כּ ו אַ ן ליבערשט געווען...



# דער קאָמיסאַר פון טוקוטוקאַ.

טוקוטוקאַ איז אַ געגנט, וואָס ליגט איבערן אורוגואַי, אַנט־קעגן בראַזיל. אַ מיאוסע געגנט: זומפּן, גריבער און קאַנאַוועס, פול מיט ווילדע גראָזן, דורכאַוים בלאָטע און שמוציקע וואַסער, וואָס איז פויל צו לויפן און שטייט און שימלט אויף דער זון; אינווייניק פול מיט „זשאַקאַרעסן", מוילוואורפן פון דרויסן, פערדפליגן און קאָמאַרן אומעטום...

אין דער געגנט פון טוקוטוקאַ איז קיין ישוב נישט געווען, ווייל עס איז נישט געווען דאָרט פון וואָס צו לעבן, און אַזוי ווי ס'איז דאָרט נישט געווען נישט קיין מענטשן, נישט קיין שאָף און רינדער, וואָלט מען, דאַכט זיך, על־פּי־שכל, דאָרט קיין פּאָליציי־פּאָסטן נישט געדאַרפט שטעלן. נאָר די פּראָווינציעלע מאַכטהאָבער האָבן אַנדערש געדיינקט.

אין אַ שיינעם טאָג האָט דער קאָמיסאַר פונם באַצירק געלאָזט רופן דעם „סאַרכענטאָ", לעאַנסיאַ מאַידאַנאַ, און האָט געמאַכט מיט אים אַזאַ מין שמועס:

— הערט זיך איין, סאַרכענטאָ! די טעג האָט מיך דער פּאָליציי־שעף געלאָזט רופן אין שטעטל אַריין און האָט צו מיר מער אָדער ווייניקער אַזוי געזאָגט, אום צו מאַכן עס דיר קורץ און גלאַט:

— אין עספּיניזשאַ האָט איר אין אמת דעם סאַרכענטאָ מאַידאַנאַ...

— דאָס בין איך — האָט אַרויסגערעדט מיט אַ געוויסן חשד דער אַלטער גאַאוטש.

— איר אַליין טאַקע... און איך רוף זיך אַן, ווי דער יושר איז: אַ וואוילער „עמפּליאַאָ"!

— אַ דאַנק פאַר אַ גוט וואָרט — האָט מ אַ י ד אַ נ אַ באַדאַנקט.

— נישטאָ פאַרוואָס... און איך זאָג אים נאָך ווייטער: ער היט אָפּ זיין פליכט געטריי און ערלעך, און איז נאָך מער „גוּאַפּאַ" ווי די וואָפּן פון דער „פּאַטריאַ"...

דער אַלטער ל ע אַ נ ס י אַ האָט געפילט, אַז ער ווערט שיר צושפּרונגען פאַר גדולה. פלייסיק, געטריי און ערלעך — דאָס קען זיין ווער עס איז: נאָר אַ „גוּאַפּאַ"!... דער קאָמפּלימענט איז בײַ אַ גאַוטש דער טייערסטער אין דער וועלט, און איבערהויפּט נאָך, ווען ער איז פּונקט אַ שווערלינג.

— נו, גוט — האָט דער קאָמיסאַר ווייטער גערעדט, זיך צופּנדיק דאָס בערדל — און דער שעף ענטפערט מיר: „אַ, איך ווייס עס שוין"...

— דער שעף האָט געוואוסט, אַז איך בין אַ „גוּאַפּאַ"? — האָט דער אַלטער אויסגערופן פול מיט שטאָלץ.

— ווער ווייסט עס נישט, דאָן ל ע אַ נ ס י אַ?.. נאָכדעם רעדט ער צו מיר ווייטער, דער שעף: „פּאַראַ מאָמענטן—זאָגט ער—וואָס פאָדערן מענטשן, און איצט נויטיק איך זיך, די רעגירונג נויטיקט זיך אין אמת'ע מענטשן, וואָס זאָלן קענען שטאַרבן פאַר דער זאַך"... — פאַר דער פּאַרטיי, הייסט עס, וואָס דאָס מיינט, פאַר דער רעגירונג, און אַז מיר'ן זי נישט פאַר־טיידיקן, וועט זי ווערן אויס רעגירונג און דאָן וועל איך זיין אויס קאָמיסאַר און איר — אויס סאַרכענטאָ, וועט די פּראָווינץ גיין אין דר'ערד אריין און דאָס לאַנד וועט גיין צום טייוול!.. פאַרשטייט איר?

— איך פאַרשטיי; — האָט דער סאַרכענטאָ געענטפערט, זיך קראַ־צנדיק דעם קאָפּ — דאָס פאַרשטיי איך, איך פאַרשטיי אָבער נישט...

— וואָס די רעגירונג וויל פון אייך?.. איך וועל עס אייך דערקלערן... ווייסט איר, אַז מיר האָבן שוין באַלד די „אילעסיאָנעס"?

— איך ווייס.

— ווייסט איר, אַז די אָפּאָזיציע פאַרמאָגט אַ סך עלעמענטן אין דעם דיסטריקט?

— דאָס ווייס איך נישט.

— ווייסט איר, אַז עס וואָלט געווען די גרעסטע שאַנדע, ווען די אָפּאָזיציע זאָל געווינען די וואַלן בײַ דער „אוטאָרידאַ"?

— דאס ווייס איך יאָ.

— אַלזאָ דאַרף מען עס נישט דערלאָזן.

— מיר וועלן עס נישט דערלאָזן! איך נעם מיך אונטער צונויפצו־טרייבן אין דער וואַל־סטאַדע אַלע שטימען־געבער פונם ראַיאָן, יעדן איי־נעם מיטן בילעט פון דער אַפּיציעלער מאַרקע!..

— נישט דאָס איז די זאַך, סאַרכענטאַ — האָט דער קאָמיסאַר גע־ענטפערט, זיך צופנדיק דאָס בערדל; — נישט דאָס. די ווייבלער פונם ראַיאָן, וועגן זיי איז נישטאָ וואָס צו ריידן; דאָס איז „מאַנסיטער סקאָט", וואָס מיט איין פּייף טרייבסט דו זיי צונויף. וועגן אַנדערע זיינען מיר באַזאָרגט.

— ווער זיינען זיי?

— די באַנדע וואָס ווערט אָנגעפירט פונם שוואַרצן ס י פ ר ע ד אַ, דאָרט אינם ראַיאָן פון ט ו ק ו ט ו ק אַ, און דער שעף האָט פאַרטראַכט צו שטעלן אַ פּאָליציי־סטאַנציע אין ט ו ק ו ט ו ק אַ און איך מאַכן פאַרן שעף.

מ אַ י ד אַ נ אַ איז בלייך געוואָרן און האָט זיך ווידער גענומען קראַצן דעם קאָפּ.

— אַ מיאוסע געגענט — האָט ער זיך אָנגערופן — און דעם מולאַט'ס מענטשן זיינען אַזוי פיל...

— נישט שטענדיק איז די גרויסע צאָל אַ קראַפט: איז וואָס־זשע? פינפהונדערט שטערן לייכטן נישט מער ווי דער איין מאָרגנשטערן.

— קען זיין; אָבער הונדערט ביקסן פון די קאָנטראַבאַנדיסטן קנאַקן שטאַרקער ווי פיר פּיסטוילן פון די „פּאָלעסיאָס"...

— האָט איר מורא? — האָט אים דער עלצטער געפרעגט, און ניט געבנדיק אים קיין צייט צו ענטפערן, האָט ער צוגעגעבן: — און דער שעף האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איר וועט די זאַך דורכפירן גוט, ווי ער מיינט, וועט ער אייך מאַכן פאַר סוב...

מיט גאָר אַ קנאַפּן חשק, און פאַרלאָזנדיק זיך אויף זיין כיטראַסט און פאַרזיכט, זיי זאָלן אים ביישטיין, האָט מ אַ י ד אַ נ אַ איינגעוויליגט אויף דער אַוואַנטורע.

באגלייט פון פיר מיליץ־לייט איז ער אנגעקומען אין דער געגענט פון די זומפן, האט אויסגעקליבן א העכער שטיקל פלאץ, און האט גלייך דארט געלאזט אופשטעלן א פאר ראנטשעס. און איבערלאזנדיק זיינע אונטערגע־ארדנטע ביי דער ארבעט, איז ער אליין אוועקגעריטן „צו מאכן א שפאציר און באקענען זיך" מיט זיין דאמיניע, ווי ער האט דערקלערט. אינדער־אמת'ן אבער, איז דער סארכענטא אוועק שוין דורכצופירן זיין פלאן, וואס ער האט באקלערט, פארנדיק קיין ט ו ק ו ט ו ק א.

נאך א האלבן טאג טראטירן, האט ער אפגעזאטלט אין א שיינקל, וואס איז געשטאנען ביים א ו ר ו ג ו א י, וועלכער איז געווען דער פאר־זאמלונגס־פלאץ, א מין קלוב פון די קאנטראבאנדיסטן פון דער געגענט און וואו ער איז זיכער געווען צו טרעפן דעם מולאט ס י פ ר ע ד א, דעם הויפט פון דער באנדע. אזוי איז עס טאקע געווען. זיי האבן זיך העכסט פריינטלעך באגריסט. ס י פ ר ע ד א האט אים מכבד געווען מיט א נאר־ראנטירטער „קאנהינא" פון בראזיל. דער סארכענטא האט זיך נישט גע־לאזט בעטן, זייענדיק זיכער, אז דער קאנטראבאנדיסט זאגט קיין ליגן נישט: נאראנטירט, פון בראזיל... און אריינגעפירט אן אפצאל!...

— און וואס טוט איר עפעס דא אין די מקומות, אויב מ'קען עס וויסן? — האט דער קאנטראבאנדיסט זיך נאכגעפרעגט.

מ א י ד א נ א האט א זופ געטון פון גלעזל, האט זיך אויסגעהוסט און אויסגעבראקעט, און נאכדעם האט ער זיך אנגערופן:

— אט אזוי, שפאצירנדיק... און געשיקט פון דער רעגירונג, אוועק־צושטעלן א „קאמיסאריע" אין ט ו ק ו ט ו ק א... אט דארט אפן בערגל באזעצן מיר זיך...

— אזוי גאר? — האט שפאטיש געשמייכלט דער באנדיט. — און איר וועט זיין דער קאמיסאר?

— איך אליין טאקע: אזוי איז עס: סי, סעניאר — האט יענער עניוות'דיק געענטפערט.

— און מען וועט אייך געבן, ווייניקסטנס, א האלבע טוץ „מיליקאס"?

— עטוואס מער: פונקט פופציק.

— פופציק?...

— אינגאנצן זיינען מיר פּיראונפּופּציק, מיט מיין „סעגונדא‟, מיין פּארכענטא און די צוויי „קאַבוס‟... און אַלע זיינען באוואפנט מיט קאַראבינעס, מיט דאָפּלטע זאַריאַדן, פון די וואס מען רופט זיי „מאַנוסע־רעס‟... איך האָב זיי שוין דאָרטן אַפּן בערגל, און ביי דער צייט מוזן דאָרט די חברה זיי רייניקן.

באַמערקנדיק ווי זיינע רייד האָבן אַרויסגערופן אַ זויערע מינע אַפּן פּנים פון זיין מיטשפּרעכער, האָט ער זיך אויסגעגלייכט, האָט אַ שטאַרקן צי געטון דעם ציגאַר און האָט צוגעגעבן:

— אַזוי איז עס, מיין פריינט.

דער קאָנטראַבאַנדיסט האָט אַרויסגערעדט פאַרטראַכט:

— אַ היבש ביסל פּאָליציי. אַף וואָס אַזוי פיל פּאָליציי?

— באַרעכנט נאַר!.. אַף נישט צו דערלאָזן קיין קאָנטראַבאַנדע... ס'איז דאָך אַ געפערלעכע זאַך, אַזויפיל קאָטראַבאַנדע!..

ס י פּ ר ע ד אַ האָט לאַנג געשוויגן. ער האָט אָנגעגאָסן נאָך צו גלעזלעך „קאַניאַ‟, איין מאָל און נאָך אַמאָל, און נאָכדעם האָט ער זיך אָנגערופן:

— הערט נאַר, פּאַרכענטאַ...

— איך בין קאָמיסאַר — האָט מיט ווירדע ל ע אַ נ ס י אַ פאַרריכט.

— הערט אויס קאָמיסאַר, צו אַלץ איז דאָ אַ מיטל.

— צו אַלץ, אַחוץ דעם טויט... און אַט דערפאַר האָב איך עס טאַקע געמאַכט אַזאַ לאַנגע רייזע... לאָמיר ריידן אָפן. זיינען מיר פריינט אָדער זיינען מיר נישט קיין פריינט?

— מיר זיינען פריינט!..

— גוט; אויב אַזוי וועלן מיר דורכקומען, און טאַקע שוין. אַז דער טיש איז גרייט קען מען אויסלייגן די קאָרטן!.. און אַף אַ פראַגע, אַן ענטפער: וועט איר גיין קעגן דער רעגירונג ביי די איצטיקע וואַלן?

סיפּרעדאַ האָט זיך אַ קנײנקל געטון, און האָט געענטפערט:

—יאָ, אַזוי איז דער באַפעל.

— גוט. און פאַרוואָס איז אַזוי דער באַפעל?.. ווייל די רעגירונג לאָזט אייך נישט אַרבעטן ווי אייך געפעלט; אָבער אַז די רעגירונג זאָל אייך יאָ

לאזן ארבעטן ווי אייך געפעלט, צו וואס זאלט איר דאן גיין קעגן דער רעגירונג?.. איז עס ריכטיק אדער נישט ריכטיק?

— ריכטיק.

— אלזא, גוט; אויב איר וועט אייערע שטימען ארײנשטאפן דער רע־גירונג, וועט די „פאלעסיא״ פון ט ו ק ו ט ו ק א נישט הערן ווי איר פארט, מעגט איר אפילו די רעדער נישט שמירן... אויב נישט, וועלן ריידן מיינע פופציק „מאנוסערעס״... פארשטייט איר?..

— פארשטאנען און אפגעמאכט — האט געענטפערט דער קאנטרא־באנדיסט. — צווישען מענטשן, איז שטענדיק דא פלאץ איינצופארשטיין זיך.

זיי האבן זיך דערלאנגט די הענט.

גייענדיק זיך אופזעצן אפן פערד, האט מ א י ד א נ א א זאג געטון:

— שיק מיר צו עטלעכע פלעשער פון אט דער „קאנהינא״, זי געפעלט מיר גאנץ גוט.

— מיטן גרעסטן כבוד — האט ס י פ ר ע ד א געענטפערט.

---

די רעגירונג האט געזיגט ביי די וואלן, און א דאנק דעם זיג, איז גע־שטעלט געווארן א קאמיסאריע אין ט ו ק ו ט ו ק א.



# די ערד איז קליין

דער רעגן האט געגאסן אן אופהער. גרא איז געווען דער הימל, קאלט די לופט, קויטיק די ערד.

שוין א וואך צייט ווי דאס צו להכעיסדיק וועטער האט אנגעהאלטן. אנגעהויבן האט זיך מיט א שפריי־רעגנדל דעם פאריקן זונטיק פארטאג, פונקט דאן, ווען ד א ן ק א נ ט א ל י ס י א האט אף אייביק פארלאזן זיין ראנטשע, וואס דער זיידע זיינער האט נאך אופגעבויט און וואו, צווישן די שווארצע ווענט אירע, ער איז געבוירן געווארן און זיינע קינדער אופגעהאדעוועט.

נעבלדיק, קאלט און מרה־שחורה'דיק איז געווען יענער זונטיק, ווען די עלנדע קאראוואנע האט זיך געלאזט אין אומבאקאנטן וועג אריין.

אינם כמעט צופאלענעם וועגעלע, אין א לאך, צווישן דעם ביסל אלטווארג — זיין גאנצע באלעבאטישקייט — איז געזעסן איינגעהויקערט די אלטע ס י ל ו י א, האלטנדיק אפן שויס דעם אינגסטן פון אירע אייניקלעך.

דער אנדער אייניקל אירער, איז געזעסן רייטנדיק אף א מאגערן פולבייכיקן „פעטיסא", און האט געשלעפט דאס וועגעלע אף דער סינטשע.

פארויס אף אן אנדער אלטן, אויסגעדארטן פערדל, איז געפארן ד א ן ק א נ ט א ל י ס י א, און טריט ביי טריט אנגעטריבן א הייפל שאף, לערד, נישט מער פון דרייסיק שטיקלעך.

ביי א זייט פונם וועגעלע האבן געשפאנט, שטיל און טרויעריק, פונקט ווי זיי זאלן אויך פארשטיין און פילן דעם צער פונם גלות, די צוויי אלטע אויסגעדינטע הינט — „בארסינא" און „פיעל" — מיט זייערע יאסלעס אן ציין און א האלדז אן א קול.

ווען עס האָט אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט, און זיי האָבן באַמערקט אַפן פעלד ביים שליאַך אַ ביסל פּאַשע, זיינען זיי שטיין געבליבן און האָבן אופגעשטעלט דעם ערשטן לאַגער.

מיט אַן אַלטער פּאַנטשע און אַן אויסגעריבענער קאָלדרע האָט מען פאַרצויגן אַביידל פאַר דאַניאַ סילוויאַ מיטן קינד.

דאָן קאָנסטאַליסיאָ האָט געמאַכט פייער מיט אַ פּאָר טרוקענע צווייגלעך, וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעבראָכן פון דעם פאַרדאַרטן קוויטנ־בוים פאַרן אַרויספאָרן, און די אַלטיטשקע האָט צוגעגרייט די אָרימע וועטשערע.

נאָכדעם האָבן די מענטשן און די הינט, אַלע שוויגנדיקע, זיך צולייגט אין דרויסן, זוכנדיק ביי דער ערד אַ דערלייכטערונג צו די יסורים פונם ערשטן רייזע־טאָג אַף דעם פיינלעכן וועג צום אומבאַקאַנטן.

נאָר דער שלאָף האָט זיך פאַר׳עקשנ׳ט און נישט געגעבן זיין באַל־זאַם דעם אַלטן לאַנדסמאַן. זיין שכל, פאַרפינצטערט פון דער עלטער, פון די צרות און קלעפּ פון זיין שלימזל׳דיק לעבן, האָט זיך אָנגעשטריינגט מיטן גאַנצן כח צו געפינען אַ דערקלערונג צו דעם גוואַלדיקן אומרעכט, וואָס זיין גורל האָט אים צוגעטיילט.

שוין העכער פופציק יאָר ווי ער האָט פאַרנומען דעם „קליינעם פּלאַץ", ירשנ׳דיק דעם פאָטער זיינעם, וועלכער האָט עס געהאַט בירושה פונם זיידן.

אַ צייט לאַנג זיינען זיי געווען איינפאַך אַלס „צוגעקומענע", צאָלנדיק פאַרן קליינעם שטיקל לאַנד, וואָס זיי האָבן פאַרנומען, מיט פאַרשידענע אַרבעטן אין דער עסטאַנסיע. געהאָלפן פאַרטרייבן דעם סקאָט, צורעכט מאַכן די „אַלאַמבּרעס", שערן די שאָף, האַקן האָלץ, און נאָך פיל אַנדערע קלייניקייטן.

נאָכדעם, ווען דער פּראַגרעס האָט מיט שמיץ פאַרטריבן די פּשוט׳ע פּאַטריאַרכאַלע איינפירונגען, האָבן זיי זיך געמוזט אונטערוואַרפן דעם נייעם רעזשים. די וואָל פונם ביסל שאָף, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַרן אייגענעם געברויך, האָט מען געמוזט טיילן האַלב אַף האַלב מיט דעם באַלעבאָס פון יענעם אומגעהייער גרויסן קאַמפּ, וואָס איז מיינסטנטייל געווען ווילד, אַן קיין שום ישוב. האַלב פונם מאַיס וואָס די „טשאַקרע" האָט אַרויסגע־

נעבן, די בעסערע פראָדוקטען פונם גאָרטן, די שענסטע קאָווענעס און די געראָטנסטע פערעשקעס האָבן באַלאַנגט צום באַלעבאָס.

אַזוי ווי דאָן קאַנטאַליסיאַ איז געווען אַ פלינקער און אַ קרעפטיקער מאַן, און זיין ווייב און די דריי קינדער זיינע, וואָס זיינען נישט ווייניקער פון אים געווען אָרענטלעך און אַרבעטספּייאיק, האָבן אים צו־געהאָלפן, האָבן זיי ווי נישט איז געלעבט.

נאָר איין מאָל אין אַ ביינאַכט האָט זיך אַ סאָווע געשטעלט אויפן שפּיץ דאַך פון דער ראַנטשאָ און האָט געקוויטשעט. דער טויט איז אַריין און האָט זיך היימיש איינגעקוואַרטירט, פאַרזשערענדיק אינגאַנצן דאָס יונגע פלייש. זיינע דריי קינדער זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן איינער נאָכן אַנ־דערן אין אַ קורצער צייט אין „טאָל פון די מצבות".

די יאָרן און די ליידן האָבן אויסגעשעפּט די כּחות פונם מוטיקן אַרבעטסמענטש, די הכנסה איז פון יאָר צו יאָר אַלץ קלענער געוואָרן, און עס איז געקומען אַ טאָג, ווען דער באַלעבאָס האָט אים פאַרטריבן אָן רחמנות, אַזוי ווי מען פאַרטרייבט צו דער שחיטה דעם אַלטן אָקס, וואָס טויג שוין נישט צום שפּאַן.

ער האָט געבעטן רחמים. עס האָט נישט געהאָלפן. האָט ער פּראָ־טעסטירט, איז געקומען די „גערעכטיקייט" און אין נאָמען פון רעכט, אַרויסגעשליידערט אויפן מיטן וועג אים מיט זיין אַלטער, זיין ביסל בּרוד און אַלטוואַרג, זיינע קליינע אייניקלעך, זיין הייפל אויסגעמאָגערטע שאָף און די אַלטע פאַר הינט.

„קאַנעכאַ"! — האָט אויסגערופן דאָן קאַנטאַליסיאַ מיט אַ פונק פון מרידה — ווען איך זאָל געווען ווייסן מיט צוואַנציק יאָר פריער, אַז דאָס איז די גערעכטיקייט, אָדער ווען איך זאָל איצט האָבן די קראַפט און דעם מוט פון פאַר צוואַנציק יאָר צוריק!..

אָבער ער האָט זיך באַלד אונטערגעגעבן, און ווען עס איז געקומען דער מאָמענט אָוועקצולאָזן זיך אין וועג אַריין, האָט אים דער עלטסטער פון זיינע אייניקלעך נאַאיוו פאַרגעלייגט:

— זיידע! ווילסט איך זאָל אָוועקלאָזן מיטן פייער די ראַנטשאָ, אַז מען זאָל זי אפילו נישט קענען באַנוצן צום הייצן?

ער האָט אים צונעוואָרפֿן אַ שטרייגנן בליק און האָט זיך אָנגערופֿן:

— ווען דער פֿערד זאָל זיך בריקען פֿאַררעטעריש ווי די מולע, וואָלט ער אויך זיך פֿאַרדינט די זעלביקע פֿאַראַכטונג וואָס זי!..

און אָט איז שוין זיבן טעג ווי זיי שלעפּן זיך, אָן אַ ריכטונג, אָן אַ צוועק און אָן אַ ציל. דעם אַנדערן זונטיק, ווען עס איז טאָג געוואָרן, האָט זיך דאָן קאָנטאַליסיאַ אויפֿגעהויבן און איז געבליבן שטיין, באַטראַכטנדיק דעם אומגעהייערן שטח פֿון די כמעט פּוסטע פֿעלדער, וואָס האָבן זיך געשפּרייט אויף ביידע זייטן וועג.

— ווי גרויס און ברייט עס איז די ערד!... אויף אָט דער ערד וואוינען שטרויספֿויגלען, הירשן, פֿוקסן, האָזן, וויסקאַטשעס, קאַמאַדרעכעס, פּעלודאָס, יאַשצערקעס, שליינג און אַלערליי אַנדערע אומנוצלעכע און שעדלעכע שרצים!.. און פֿאַר אַן אָרימען אַלטן מאַן, ווי איך, איז קיין פּלאַץ נישטאָ!... אַזאַ גרויסע ערד, אַזוי ברייט און געראַם! און איז צו קליין און קאָרג פֿאַר דעם, וואָס אַרבעט; פֿאַר דעם, וואָס באַנערט זיך מיט ליבשאַפֿט: פֿאַר דעם, וואָס באַהעפֿט זיך מיט איר און באַפֿרוכפּערט זי!...



# פּאַוסטינאַ'ס מערדער

ווען אימיצער זאָל געווען זאָגן ערגעץ־וואו אינם גרויסן ראיאָן פון „סינקאַ אראַזשאָס“, אַז טיבורסיאַ איבאַניעז איז אַ גוטער מענטש, וואָלטן אים קליינע קינדער אפילו אויסגעלאַכט.

און אויב אימיצער — אַ פרעמדער, פאַרשטייט זיך — וואָלט באַ־הויפּטעט וואו נישט איז איבער דער גאַנצער געגנט פון „סינקאַ אראַזשאָס“, אַז טיבורסיאַ איבאַניעז איז אַ שלעכטער מענטש, וואָלט ער אַרויסגערופן אַן אויסדרוק פון פאַרדרוס ביי זיינע צוהערער און קיינער וואָלט דאָס מויל נישט געעפנט עפּעס צו זאָגן.

ער איז געווען אַ רעטזעלהאַפטער טיפּ.

פּויל ווי אַ הונט, האָט ער צו די פינפאונצוואַנציק יאָר נאָך געלעבט אויפן חשבון פון זיין פאָטער — אַן אַלטער „פּועסטערא“, וואָס האָט אים גע־מוזט אויסהאַלטן מיט יעדער קלייניקייט אַפילו, און ער איז זיך געלעגן גאַנצע טעג אויסגעצויגן אויף דער קאַטרע, געשפּילט אויף דער גיטאַרע און אימפּראָוויזירט געזאַנגען, פול מיט טיפן אומעט און שוואַרצן, שמערצלעכן פּעסימיזם:

„דער הונט, ער לעבט אַ גליקלעך לעבן,
„ווייסט נאָר: עס און שלאָף, און ביל!
„דעם מענטשנס גורל איז אין לעבן:
„מי און אַרבעט,ליידן פיל“...

אָדער:

„צו אַ זומפּיק טיפער בלאָטע איז געגליכן
„דאָס לעבן פונם גוטן, פונם נאַריש דומען:
„תהום'ען שמוץ פון אונטן, נישט אַרויסצוקריכן,

„פון אויבן אויסגעשפּרייט מיט בלומען"...

אַט אַזוי איז ער געווען, שטענדיק טרויעריק. טרויעריק, ווי די זינדיגי־ריקייט, וואָס האָט קיין מוט נישט צו דערגרייכן דעם געטרוימטן געניס. ער איז געווען איינער פון די מענטשן, וואָס קענען ליידן הונגער, האַבנדיק פלייש און האַלץ אַף צו בראָטן עס, נאָר מחמת פוילקייט. און דאָן געפינען זיי, אַז דאָס לעבן איז ביטער און דאַרנדיק און פאַרדינט גאָרנישט דעם נאָמען לעבן.

ער האָט ליב געהאַט די שיינע פרויען, די פעטע בראָטנס, די אויס־געצייכנטע פערדלעך, די בלויע פרימאַרגנס, די גאָלדענע פאַרנאַכטן, די פרישע ליפּן וואָס קושן, די פויגעלעך וואָס זינגען, די בלומען וואָס שמעקן, — אַלעס וואָס שיין איז. און דערפאַר איז ער געווען אַ גוטער.

עס האָט אים אָבער געפעלט די ווילנסקראַפט, צו דערגרייכן וועלכע נישט איז פון די אַלע גוטע זאַכן. נאָך וועלכע ער איז אַזוי להוט געווען. און דעריבער איז ער געווען אַ שלעכטער.

ווען זיין פאָטער פלעגט אים פאַרהאַלטן פאַר זיין שענדלעכער פוילני־צעריי, פלעגט ער נעוויינלעך ענטפערן:

— וואָרט אויס, „טאַטאַ"! פונם נישטיקסטן גרעזעלע ביז דעם גרויס־סן, הויכן בוים, האָבן אַלע זייער באַרוף און זייער צייט צו געבן בליאונג.

נאָר ביי אים, ווייזט אויס, האָט די בליאונג זיך פאַרשפּעטיקט. יעדן יאָר צולאָזט די בלעטער, יעדן יאָר אַלץ מער צעוואַקסן, נאָר קיין איין קנאָספּע האָט נישט אויסגעפּיקט. ער איז געווען ווי אַן איינזאַם פאַרוואָרפע־נער קירבעס, וואָס וואַקסט הינטערן „קאַראַל" אַף אַ צופּעטן באָדן: ער צושפּרייט זיך, צעוואַקסט זיך, לאָזט אַרוים שטיינגלעך, צווייגן, לאָזט אַרוים בליאונג, וואָס קיין איינע פון זיי נעמט אָבער נישט אָן...

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט איז אַראָפּגעפאַלן אַ גאַסט — פ אַ ו ס ט י נ אַ ד י אַ ז, אַ טרויעריק באַרימטער באַנדיט. ט י ב ו ר ס י אַ האָט געהערט ווי ער האָט זיך שטאַרק געקרינט מיט זיין פאָטער. פאַר וואָס, האָט ער נישט געוואוסט. דאָס האָט אים אויך נישט אינטערעסירט. עס האָט אים אָבער באַלעסטיקט זייער טומלען, וואָס האָט אים געשטערט זיין נאָכמיטאָג־רו. ער איז ענדלעך אופגעשטאַנען, אויסער זיך, איז צוגעגאַנגען צו זיי, האָט אַפּגעשטופּט דעם פאָטער מיט אַ ווירדיקער מינע, און קלאַפּנדיק זיך אין

הארצן, האט ער א זאג געטון, זיך ווענדנדיק צום גאסט:

— דעם עניין וועסטו פארגלייכן מיט מיר.

— ווען מיר פארגלייכן — האט יענער געענטפערט.

און ט י ב ו ר ס י א רופט זיך אן צו זיין ברודער, פ ע ד ר א:

זאטל מיר אן דעם „מארא".

מען האט אים אנגעזאטלט דעם „מארא". האבן זיך ביידע אוועק־געלאזט, איינער נעבן אנדערן, שווייגנדיקע, און זוכנדיק די איינזאמקייט צו פארגלייכן חשבונות, ווי עס פאסט זיך פאר ווירדיקע מענטשן, פארן שיין פון טאג און אן באהעלטעניש.

וואס פאר א חשבון? וואס פאר אן עניין?..

ט י ב ו ר ס י א האט גארנישט געוואוסט; ער האט געוואוסט נישט מער, אז יענער פארשוין האט אים אונטערגעבראכן זיין דרעמל און דאס איז געווען פאר אים א נעגוגנדיקער מאטיוו, צו ארייננשיסן אים א קויל, אים אופטרעגנען דעם בויך מיט איין שניט, און ווען נויטיק, דעם האלז אים איבערשניידן, כדי ער זאל זיך נישט מוטשען.

פ א ו ס ט י נ א ד י א ז האט געהאט א שם פאר זייער א ספריטנעם יונג. ער איז געווען א באַרימטער באנדיט און די גאנצע געגנט האט פאר אים מורא געהאט. נאר ט י ב ו ר ס י א איז געווען ספריטנער פון אים... גארנישט האבנדיק, אין גארנישט האפנדיק, האט ער פארמאגט דעם קוראזש און די געוואגטקייט פון דעם, וואס שפילט אפן ווארט, אן געלט.

אז געשפילט, איז געשפילט.

די נאכט איז צוגעפאלן, און זיי ביידע האבן נאך אלץ געריטן, זייט ביי זייט, געדרויבערט און געשווינגן. זיי האבן געוואלט צוקומען ביז צום ברעג פונם א ר א ז ש א ז, וואס איז געווען דער פאסיקסטער פלאץ, וואו צו לייזן דעם אינצידענט מיט א קויל אדער מיטן קינזשאל.

דעם אינצידענט?...

ט י ב ו ר ס י א׳ ן האט די רייזע אויסגעזען צו לאנג; און די גאנצע צייט האט ער אלץ געטראכט פון זיין נארישן שטעל, צו גיין זיך שפילן מיט פ א ו ס ט י נ א ד י א ז, דעם שרעקנס־גייסט פון דער געגנט, וואס ער איז געוואוינט געווען צו פארטרייבן גאנצע פאליציי־מחנות מיט געווער אין האנט. שטעלן זיך קעגן פ א ו ס ט י נ א׳ ן, האט געהייסן ארויסנעמען א

טויטנשיין. אף מער פון איין טוץ מצבות, וואס זיינען באוויינט געווארן פון די איינוואוינער פון דער געגנט, איז געווען דער שטעמפל פון זיין קינזשאל.

טראכטנדיק פון דעם, האט ט י ב ו ר ס י א געלאזט אויסלעשן זיך זיין ציגאר; און פ א ו ס ט י נ א, באמערקנדיק עס, האט זיך אנגערופן:

— דו רויכערסט נישט, מיין פריינט?

— עס האט זיך מיר פארלאשן און איך האב פארגעסן מיטצונעמען דאס פייער־געציינג.

— דאס זאל קיין אפהאלט נישט זיין — האט דער באנדיט געענט־פערט מיט א שמייכל. און האט פאררוקט די האנט אין גארטל, צו דער־לאנגען זיין פייער־געציינג. מיט דער באוועגונג איז אים ארויסגעפאלן זיין רעוואלווער. א שאס האט אפגעקלונגען, א קויל האט דורכגעלעכערט אים דאס הארץ.

---

ט י ב ו ר ס י א איז פארשוואונדן פון דער היים, און אז ער איז צו־ריקגעקומען, מיט פינף יאר שפעטער, האט ער געקענט ווייטער לעבן זיין לעבן פון פוילנצעריי אינם גרויסן זכות פון זיין העלדישן טאט.

ער איז געגאנגען אין קלייט אריין, מכבד געווען וועמען מיט א גלעזל, געקויפט א פאר „באמבאטשעס" אדער א פאר שטיוול, און פלעגט נאך א זאג טון:

— פארשרייבט.

— זייער גוט, ד א ן — פלעגט אים ענטפערן דער קרעמער. און אז איינער האט געפרעגט ווער ער איז, האט דער קרעמער געענטפערט, גע־היימניספול און מיט רעספעקט:

— דער וואס האט דער׳הרג׳עט פ א ו ס ט י נ א ד י א ז ׳ ן...

פון דעמאלט אן האט אים קיינער גארנישט אפגעזאגט: אינם זכות פון דעם, וואס ער האט דער׳הרג׳עט דעם בארימטן באנדיט. אמת, ער איז געווען א גוטער פוקס, און אלס אזעלכער, האט ער אנגעטון שאדנס. אבער וואס איז א פוקס אין פארגלייך מיט א טיגער?..

און ער האט געלעבט א גליקלעך לעבן.

---

# געהאלטן ווארט

דאס געשעפטהויז פון דאן סאנטיאנא אורעניא, אין באראנקא נעגרא, האט אויך געדינט ווי א סטאנציע פאר דעם דיליזשאנס, און בשעת דער קאנדוקטער און די אנטרייבער פלעגן איבער־שפאנען די פערד, פלעגן די פאסאזשירן דארט פראווען זייער מאלצייט.

דער אנקום פונם דיליזשאנס איז שטענדיק געווען א שטיק געשעעניש פאר די איינוואוינער פון יענעם ווייטן ישוב, און דעריבער פלעגט יעדן דאנערשטיק, שוין פון גאנץ פרי אן, א היבשער שכנים־געזעמל אנפילן די וועראנדע און דעם הינטער־חדר פון קלייט.

אורעניא איז געווען אן אויסגעצייכנטער אראגאנעזער, שוין אין די יארן, אן איינפאך מענטשל, וואס מען פלעגט זאגן אף אים, אז „דער גאנצער זאפט פונם קערפער איז אים אין הארצן אריין". און מען האט נישט געזאגט קיין ליגן, ווארום, דורכאויס הויט און ביינער ווי ער איז געווען, איז ער ענלעך געווען צו א מומיע, און אף וויפיל ער איז קארג געווען אף רייד, אף אזוי פיל פריינגעביק איז ער געווען צו יעדן מיט זיין פארמעגן און זיינע טובות.

א מטבע, א פאראומרייניקטע פון זינד, אדער א דורכגעזאטענע אין טרערן — פלעגט ער זאגן — קומט נישט אריין אין מיין קאסטן.

און עס איז נישט געווען וואס מורא צו האבן, אז ער זאל קויפן — מען זאל אים אפילו אוועקגעבן פאר א גלעזל קאניע — א נישט געמאר־קירטע פעל אדער א בינטל פערדן־האר, וואס ער זאל נישט וויסן פון וואנען עס שטאמט. אזוי ווי ס'איז אויך קיינמאל נישט געשען אין דער גאנ־צער נאכבארשאפט, אז דער גרעסטער אביון אפילו זאל שטארבן פון

קעלט, נישט האבנדיק קיין צורעק אף דער קאטרע, אדער ער זאל מוזן פארקויפן די לעצטע פאר אקסן, כדי צו שליסן דעם חשבון פון זיין פארנ־ביכל.

זייער א גוטער מענטש געווען און האט קיין שום אנדער חסרון נישט געהאט, ווי נאר זיין אראגאנעזישע עקשנות; דרייסיק יאר אמעריקע האבן די־ראזיקע עקשנות זיינע נישט געקענט פארמינדערן אף א האר. אן עקשן איז ער געווען און אן עקשן האט ער שוין געזאלט פארבלייבן ביזן טויט אריין; האט ער ארויסגערעדט א ווארט, איז פונקט ווי גאטס מאמע אליין וואלט דאס איר ווארט געגעבן!...

אלזא, גוט. האט זיך באדארפט טרעפן, אז איינמאל אין א דאנער־שטיק, בעת די געוויינלעכע צוזאמענקונפטן, האט דער אלטער „עסטאנ־סיערא", דאמינגעז, אים א פרעג געטאן:

—אט, איר וועט נישט טרעפן מיט וועמען אייער לאנדסמאן עטשעווערריא'ס טאכטער גייט חתונה האבן?

— איך בין נישט קיין נביא — האט ער געענטפערט.

— טאקע... מיט דעם גאוטשל ראסאריא, דער „דאמאדאר" ביי די פאקונדעס'עס.

— מיין טאכטער וועט קיינמאל נישט חתונה האבן מיט קיין גאוטש.

— האט אורעניא פייערלעך ארויסגערעדט.

— ווער קען דאס וויסן — האט דער אלטער לאנדסמאן געצווייפלט. נאר דאן סאנטיאגא האט זיך געהאלטן פעסט:

— דאס וויים איך!... כל־זמן איך לעב וועט מיין טאכטער נישט חתונה האבן מיט קיין גאוטש!..

און מער האט מען פון דעם דאזיקן ענין נישט גערעדט, און עס זיינען אוועקגעגאנגען עטלעכע יאר: און עס האט פונקט פאסירט, אז מיקאעלא, דאן סאנטיאגא'ס בת־יחידה'לע, א בלאנד מיידעלע — א פראכט, איז געפאנגען געווארן אין די ליבעסנעצן פון כעסוס מאריא, א לוסטיק און פיפיק בחור'ל, וואס האט שוין פון א לאנגער צייט געארבעט אינם הויז אלס פעאן, א פורמאן געווען.

ווען דער אראגאנעזער האט זיך דערוואוסט פון דער זאך, ווען מיקא־

עלקא האט אים דערציילט פון איר ליבע און געבעטן זיין ברכה, האט ער גאנץ געלאסן און רואיק געענטפערט:

— א וואוילער יונג, כעסוס מאריא: א מענטש, אן ארבעטזאמער, נישט קיין אויסגעלאסענער... א וואוילער יונג. נאר ער איז א גאוטש: מיין טאכטער מיט א גאוטש קען נישט חתונה האבן. איך האב שוין געזאגט...

קיין געבעט און קיינע טרערן האבן נישט געקענט פועל'ן, אז דער אלטער זאל ענדערן זיין באשלוס. צו כעסוס מאריא'ן האט ער זיך פארהאלטן זייער פריינטלעך און האט אים געשעצט: ער האט גארנישט געהאט וואס פארצעווארפן אים. ער האט אנערקענט אלע זיינע מעלות: נאר... ער האט איינמאל געזאגט: „מיין טאכטער וועט קיינמאל נישט חתונה האבען מיט קיין גאוטש, כל־זמן איך לעב״.

מיקאעלא איז נישט צוגעשטאנען, וויסנדיק אז זי וועט מיט איר צודרינגלעכקייט גארנישט פועל'ן; נאר, אזוי ווי עס איז איר אומעגלעך געווען ארויסצורייסן פונם הארצן די ליבע, וואס האט פארפולט איר נשמה, האט זי שטארק געליטן, פלעגט זיך באהאלטן מיט אירע טרערן, האט אנגעווארן די פרישקייט פונם פנים און איז איינפאך איינגעגאנגען פון טאג צו טאג. מיטן אנקומען פונם ווינטער, האט זי אנגעהויבן צו הוסטן, און אין יולי האט זי געמוזט בלייבן ליגן אין בעט. איינמאל בייינאכט, זיצנדיק ביי איר צוקאפנס, אן ערנסטער און א טרוקענער ווי שטענדיק, האט דאן סאנטיאגא א פרעג געטאן:

— האסט שטארק ליב כעסוס מאריא'ן?

—זייער שטארק, טאטע!

— צי וואס ליבן אים?.. ווייסט דען נישט, אז דו קענסט מיט אים נישט חתונה האבן?

— כ'ווייס עס, נאר איך קען פארט נישט אופהערן אים צו ליבן.

— מ'דארף קענען...

אין א ווײלע ארום האט ער צוגעגעבן:

— דו ביסט שוואך, טאכטערל, מ'דארף עסן.

זי האט זיך געשטיקט פון טרערן און געענטפערט:

איך קען נישט טאטע!.. דאס עסן בלייבט מיר שטיין אין האלז און איך קען נישט!..

— נו, נישט געוויינט, טאכטערל...

— אז איך קען נישט, טאטעניו!.. די טרערן קומען אליין און שפארן פון די אויגן.

ד א ן ס א נ ט י א נ א, וואס איז וואס אמאל געווארן אלץ מער אנגע־כמורעט, האט זי א היבשע ווײַלע אנגעקוקט; און נאכדעם האט ער זיך אופגעהויבן, האט זי ארומגענומען, זי געקושט מיט א מאדנער צערטלעכ־קייט, און איז ארויסגעגאנגען, א זאג טוענדיק:

—זאלסט שוין זיין געזונט, טאכטערל!..

---

אף מארגן אינדערפרי האט עס ס א ל ו א ד א ר׳ן, דעם עלצטן אנגע־שטעלטן פון געשעפט, געוואונדערט, וואס ניין דעם זייגער זאל נאך דער פאטראן נישט האבן אראפגעקומען, און ער איז ארוף אין אויבערשטן צימער, וואו ער האט אים געטראפן ליגנדיק אין בעט א טויטן, דער קאפ דורכגעלע־כערט פון א קויל. אפן נאכט־טישל איז געלעגן א צעטעלע, אין וועלכן עס האט זיך געזאגט:

„טאכטערל מיינע: מער זאלסטו נישט ליידן. פאר מיין לעבן האסטו נישט געקענט חתונה האבן. איך בענטש דיך, און אויך כ ע ס ו ס מ א ר י א׳ן. א וואוילער יונג. אדיע, טאכטער, און זיי גליקלעך און בעט אמאל פאר דער נשמה פון דיין פאטער, — ס א נ ט י א נ א א ו ר ע נ י א״.



# די סזכאַטניצע

כ׳האָב זי ליב געהאַט, שטאַרק ליב געהאַט, מיין קליינע נאָוטשאַ־פּרינצעסן, וואָס איר געזיכט האָט געהאַט דעם קאָליר פון ווייץ, אירע אויגן — דעם קאָליר פון פּיין, אירע ליפּן — דעם קאָליר פון אַ פּאַרוועלקטער פּ י ט אַ נ ג אַ ־ בלום.

און אַ פּנימל האָט זי געהאַט אַ קליינס, אַ קליין און פאַרשפּיצט פּנימל, ווי ביי אַ בילנדיקן הייפּהינטל: און זי אינגאַנצן איז געווען אַ קליינטשינקע, אַ שטילינקע. אונטער איר ציצענעם כאַלאַטל האָבן זיך אָפּגעצייכנט די לייכטע רונדע ליניעס פון איר מיידלשן קערפּער. אַ נישטיק קערפּערל פון אַ מיידל אַן בלוטן: אירע זעלטן קליינע פיסלעך האָבן זיך געבאָמבלט אין האָמעטנע „אַלפּאַרגאַטן", אירע הענט האָבן זיך פאַרלוירן אין די לאַנגע אַרבל פון אַ גראָבער וואָלענער „קאַמיסעטע".

אָפּטמאָל, ווען זי פלעגט אופשטיין די קי מעלקן, אין קאַלטע פרימאָרגנס, פלעגט זי שטאַרק הוסטן: איבערהויפּט, אַז זי האָט זיך אופגערעגט, אומזיסט זיך אָנשטריינגנדיק אָפּצורייסן ס׳גרויסע קאַלב פונם אייטער, ביים אויסמעלקן די „אַפּאָזשע". דאָס האָט די שווינדזוכט געלויערט אויף אירע שוצלאָזע קליינע לונגען. זי איז נאָך שווינדזיכטיק נישט געווען. איך — אַ דאָקטאָר — האָב עס באַשטעטיקט.

ריידן פלעגט זי זייער ווייניק, און מיט אַ זעלטן זיסער שטימע. די „פּעאָנעס", אַז זיי האָבן אַמאָל צו איר אויסגערעדט אַ וואָרט, איז דאָס נאָר געווען אויף צו באַליידיקן און פאַררויטלען זי מיט עפּעס אַ העסלעכער גראָבקייט. די באַלעבאַטים אַליין — גוטע מענטשן אפילו — האָבן זי ווייניקוואָס געשעצט, האַלטנדיק זי פאַר אַ לעבעדיקע מאַשין, וואָס טראָגט אַריין אַ נישטיקן איינקונפט.

אלע האָבן זי גערופֿן „די סובאַטניצע".

זי איז געווען אַ שיינהייט. נאָר איר קרייענקלעכע שיינקייט, אַן די אָפּ־ריבוטן פֿון ווייבלעכן רייץ, האָט נישט געוועקט קיינע באַגערן. און די לייט פֿון דער „עסטאַנסיע", ברוטאַלע מענטשן, האָבן זי דערפֿאַר כמעט ווי געהאַסט. דער „זשאַריבאַ", דער „קאַראַגואַטאַ", — די אַלע פּלאַנצן, וואָס די פּרוכטן זייערע זיינען נישט צום עסן, — זיינען געווען אין איר מדרגה.

די דאָזיקע שנאָה צו איר איז איר באַוואוסט געווען, נאָר ווייט פֿון באַ־ליידיקן זיך, פֿלעגט זי נאָך באַלוינען מיט אַ קרוג, „אַפּאַזשאַ"־מילך דעמיע־ניקן, וואָס האָט איר מער אכזריות'דיקע קריינקונג פֿאַרשאַפֿט. אַף אַלע זידלע־רייען און באַליידיקונגען האָט זי קיין אַנדער נקמה נישט געהאַט, ווי נאָר דעם פֿיינפֿולן בליק פֿון אירע אומגעהייער גרויסע אויגן, מיט די נאַכט־שוואַרצע אַפּלען, וואָס זיינען אומגעשוואָומען אונטער בלוילעך־ווייסע האָרנ־הייטלעך, וועלכע זיינען פֿאַר זיי געווען ווי אַ וואָונדערבאַרע ראַם. קיינ־מאָל האָט זיך קיין טרער נישט געוויזן אין די דאָזיקע אויגן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי זיי זאָלן כסדר האַלטן אין איין ווײנען.

איינשטעלנדיק צו כאַפּן אַ נאָב פֿון דער באַלעבאָסטע, פֿלעגט זי אַראָפּ־נעמען דעם טאָפּ פֿונם פֿייער, כדי דער „פּעאָן", וואָס קומט ערשט פֿון פֿעלד זאָל אַנוואַרימען אַ טשייניק וואַסער אַף אַ ביטערע מאַטע; אָדער זי פֿלעגט אַרויסשאַרן קוילן פֿון אונטערן „אַסאַדאָ", אַז יענער זאָל אַ „טשאַקלע", אָפּבראָטן... און דאָך האָבן די „פּעאָנעס" זי נישט ליב געהאַט.

— „די סובאַטניצע האָט אין זיך מער גיפֿט ווי אַ סקאָרפּיאָן" — האָב איך איינעם געהערט זאָגן.

און נאָך איינעם, וואָס איז אַרויסגעקומען, האַלטנדיק איינגעוויקלט אין „פּאָנטשע" דעם ערשטן ברויטל פֿונם פֿרישן געבעקס, וואָס זי האָט בגנבה געהאַט אים דערלאַנגט:

— „די סובאַטניצע איז פּונקט ווי דער כאַמעלעאָן: ס'קלענסטע און געפֿערלעכסטע חיה'לע".

צו די דאָזיקע אומרעכטן מצד די מענטשן, זיינען נאָך צוגעקומען אַנדערע אומרעכטן פֿונם שיקזאַל, צו פֿאַרביטערן דאָס לעבן פֿון דער אַרי־מער קליינער. געטריבן פֿון איר גוט האַרץ, פֿלעגט זי אויפֿקלייבן די יונגינקע

„וועגטעוועאס", „פירינטשאס" און „הארנעראס" אפילו, וואס דאס קליינוואַרג פלעגט צושטערן זייערע פּלאַצן פון בלאַטע. מיט פרומער געדולדזאמקייט פלעגט זי זיך אפגעבן מיט זיי אין אירע ווינציקע פרייע סעקונדן; און פריער אדער שפעטער, פלעגן אלע פויגעלעך אוועקפאלן, ווי דורך א זעלטענעם כשוף.

זי פלעגט אויסכאוועז „גוואַטשאס"־שייפעלעך, גרויסע, דיקע, פּרעכ־טיקע, און אין א שיינעם פרימאַרגן פלעגן זיי אויסציען די פיסלעך און בלייבן ליגן מיט נעשוואַלענע בייכער.

איינמאל איז מיר אויסגעקומען צוצוזען אזא סצענע:

ס'האט שוין גענומען צופאַלן די נאכט. מ'האט שפּעט געהאט גע־קוילעט. אין איילעניש האט זיך געבראטן א האלבע שאף אפן שוואכן פלאם פון גרינע האלץ, וואס האט זיך „פארהינטישט" און נישט געגעבן קיין זשאר. קומט צו א פעאן:

— „מאך מיר א שטיקעלע אַרט פארן טשייניק!..."

— „זעסט נישט, אז ס'איז נישטא קיין פייער!..."

— „א פיצעלע!..."

— „גוט, גיב שוין אהער, נאר איך מעג זיך שוין ריכטן אף א מבול מיט קללות פון דער באַלעבאַסטע".

ס'ווערן געאפפערט א פּאַר האלאוועשקעס. דאס וואסער אין טשייניק הויבט אן צו זידן. די סובאַטניצע, הוסטנדיק און שטיקנדיק זיך פונם רויך פון די גרינע האלץ, בויגט זיך אן אים אראפּצונעמען. דער פעאן האלט זי אפ:

— „לאז — זאגט ער, — גיי נישט צו נאָענט".

— „כ'זאל נישט צוגיין נאענט?.. פארוואס, ס ע ב א ס ט י א ן?" — מורמלט די אומגליקלעכע מיט טרערן אין די אויגן.

— „ווייל... ווייסט... כ'מיין נישט באליידיקן... נאר... כ'האב מורא פאר דיר, אז דו רוקסט זיך צו..."

— „פאר מיר האסט דו מורא? פאר מיר?..."

— „מער ווי פארן הימל, בעת ער דונערט!..."

דער פעאן האט גענומען דעם טשייניק און איז אוועק, נישט אומקור־

קנדיק זיך. דא בין איך ארייננעקומען, און האב דער קליינער געטראפן שטארק באשעפטיקט ארום דעם זייטל פלייש; דאס פנים אומפארענדערט, אלץ דער אייגענער קומער אין אירע גרויסע שווארצע אויגן, נאר קיין איין טרער נישט אין זיי, אן קיין אנדער אויסדרוק פון צער, ווי דער, וואס האט זיך טאג־טעגלעך אפגעשפיגלט אף איר געזיכט.

— מ'פארשאפט אייך יסורים, מיין קליינע פרינצעסן?" — האב איך ארויסגערעדט, כדי עפעס צו זאגן, און זוכנדיק צו באהאלטן מיין אנט־ריסטונג.

זי האט זיך צולאכט, מיט א פארבלאזן, קאלטן און בייזן געלעכטער, בייזן פון צופיל גוטסקייט, און געענטפערט מיט אומפארגלייכלעכער מילדקייט:

— „ניין, מיין הער. אט אזוי זיינען זיי, נאר זיי זיינען גוטע מענטשן... און ווייטער... פאר מיר איז אלץ א...

זי האט זיך פארקייכט פון הוסט, און אפגעהאקט אינמיטן ווארט.

איך האב מיך נישט געקענט איינהאלטן; כ'בין צוגעלאפן, האב זי אונטערגעכאפט אין מיינע ארעמס, אין וועלכע איר קערפערל האט זיך געצאפלט, בעת די אויגן, אירע אויגן פון א ווינטערדיקן בין־השמשות, איר טרוקענע, אומגעהייער שווארצע אויגן, האבן ארייננעקוקט אין מיינע מיט א מאדנעם אויסדרוק, מיט אן אויסדרוק, וואס האט נישט גערעדט פון דאנקבארקייט, נישט פון מיטגעפיל, נישט פון ליבשאפט. דער דאזי־קער בליק האט מיך אינגאנצן פארווירט: ס'איז געווען דער אייגענער, פונקט דער אייגענער בליק, ווי פון א קרייץ־שלאנג, וואס איך האב אמאל, ביי אן אומפארגעסלעכן צופאל, מיט אזעלכער זיך געטראפן פנים אל פנים.

פארגליווערט פון פחד, האב איך מיינע ארעמס צונומען. און איידער כ'האב נאך צייט געהאט חרטה צו האבן אף מיין פחדנ'ישער האנדלונג, ווען איך האב געמיינט אז אט פאלט זי אום, די סוכאטניצע, בלייבנדיק אן מיין שטיצע, האב איך געזען זי שטיין גאנץ פעסט און זיכער, רואיק אונטערשארנדיק קוילן צום „אסאדא", בלייך ווי תמיד, געלאסן ווי תמיד, מיט דעם אייגענעם ביטול'דיקן טרויער אינם אפגרונט פון אירע נאכט־שווארצע אויגן.

א צומישטער ביז גאר, נישט וויסנדיק וואס צו טון, נישט וויסנדיק וואס צו זאגן, האב איך פארלאזט די קיך און בין ארויס אין הויף, און דארטן אין הויף האב איך געטראפן דעם פעאן פונם משייניק, וועלכער האט מיט דרך־ארץ, מיר א זאג געטון:

— „זייט פארזיכטיק „דאטאר": איך האב זייער מורא פאר שלאנגען, נאר אין א נויטפאל, וואלט איך ליבערשט מיך געלייגט שלאפן מיט א קרייץ־שלאנג, און נישט מיט דער סוכאטעניצע".

מיט נייגער און צארן האב איך אנגעכאפט אים פאר א האנד, אים א שטארקן טרייסל געטון און אויסגעשריען:

— „וואס ווייסט איר?"

ער האט גאנץ געמיטלעך געענטפערט:

— „כ'וויים נישט גארנישט. קיינער ווייסט נישט גארנישט. כ'בין עם משער".

— „ס'איז דאך אבער נידרטרעכטיק אזעלכע השערות צו מאכן" — האב איך ארויסגעפלאצט: — „וואס האט די ארימע קליינע געטון, אז מ'זאל זי אזוי באהאנדלען, אז מ'זאל זי האלטן פאר פייאיק אף שלעכטע מעשים, אז זי איז דאך דורכאוס די גוטסקייט אליין, אז זי טוט נישט קיין אנדער זאך, ווי נאר באלוינען אייך מיט טובות פאר אלע אייערע טאג־טעגלעכע באליידיקונגען?..."

— „הערט נאר, דאן... זאגן עפעס אף דער סוכאטעניצע, קען איך נישט זאגן. כ'קען אויך נישט זאגן, אז דער כאמעלעאן טויט אוועק מיט זיינעם א ביס, ווייל איך האב אים נישט געזען בייסן קיינעם נישט... אפשר יא, אפשר ניין, נאר איך האב פאר אים מורא... און פאר דער סוכאטעניצע, פונקט דאס אייגענע. — כ'האב פאר איר מורא... אלע האבן מיר פאר איר מורא... זעט נאר „דאטאר": פאר די דאזיקע קליינע חיה'לער ווי דער סקארפיאן, ווי די שלעכטע פליג, פאר זיי דארף מען שטענדיק מורא האבן..."

דער לאנדסמאן איז שטיל געבליבן. איך האב אים גארנישט געענטפערט. מיט עטלעכע טעג שפעטער בין איך אפגעפארן פון דער „עסטאנסיע"

און אין א פּיר־פינף חדשים ארום האָב איך געלייענט אין א צייטונג די דאָזיקע קורצע טעלעגראַפישע ידיעה:

„אין דער עסטאַנסיע ג... זיינען אומגעקומען פאַרגיפטעט מיט גע־בעקס, וואָס האָט אנטהאַלטן אַרסעניק, דער באַלעבאָס הער א... זיין פרוי, זיין טאָכטער, דער „קאַפּאַטאַז" און די גאַנצע דינערשאַפט, חוץ איין איינ־ציקער „פּעאָנע", באַקאַנט מיט דעם צונאָמען „די סובאַטניצע".



# אן אַלפּאַרנאַט.

— קער־אָפּ פון וועג!

— אי!.. האָסט מיר שיר נישט אויסגעלונקען דעם היפּטביין מיטן שטוים...

— פאַרוואָס־זשע טרעטסט דו נישט אָפּ דעם וועג!...

— דעם וועג!... דעם וועג!... זינט איך בין געבוירן געוואָרן האָלט איך אין איין אָפּטרעטן אַלעמען דעם וועג, וואָרום אָפן שפּיל־פּלאַץ פון לעבן האָט מען פאַרגעסן פאַר מיר א סטעזשקעלע איבערצולאָזן! א מזל פון א שעפּס!..

און שאַרנדיק פּאַמעלער מיטן קראַנקן פוס, שפּייענדיק אָפן גראָז און טענה'דיק מיט זיך אַליין, איז קאָסטיזשאַ ווייטער געגאַנגען; און פּאַוסטינאַ, שטאָלץ אף זיין זינרייכער יוגנט־גבורה, איז אַוועק צונויפ־נעמען קאָמפּלימענטן צווישן א גרופּע אָנגעקראָכמעלטע קליידלעך.

— א מענטש א לעמעשקע! — האָט אויסגערופן דער קליינער אינדיער וועגאַנסיאַ, נאָכקוקנדיק קאָסטיזשאַ'ן מיט טיפער פאַראַכ־טונג. יענער האָט עס דערהערט, איז ער געבליבן שטיין, און א בליץ פון קוראַזש האָט אופגעלויכטן אף זיין גרויסן גוטמוטיקן פּנים:

— א לעמעשקע?... מיינט איר, אז מחמת דעם האָב איך אים נישט אויסגעזעצט אַלע ציין מיט איין טראַסק, אָט דעם קרייענדיקן הענדל?

— וואָס־זשע, מחמת פאַרזיכטיקייט?

— מחמת דערפאַרונג. איך וויים, אז איך וועל מיט דעם פאַרענדיקן, וועל איך מוזן אנהויבן מיט א צווייטן און מיט א דריטן, אז א סוף, אזוי ווי איינער זאָל זיך נעמען ציילן די שטערן. איז צו וואָס זאָל איך שפּילן

די „קארערע", ווײַבאַלר איך ווײס, אַז איך וועל סײַ־ווי נישט געווינען, אַז אויב איך וועל אַרויסיאָגן מיטן גאַנצן פערד, וועל איך טרעפן אין אַ גרוב אַרײַן און אַז איך זאָל שוין יאָ געווינען דורך אַ נס, וועט מיך דער „כועז" באַשווינדלען?

און נישט וואַרטנדיק אויף קײַן ענטפער, האָט ער זיך אָוועקגעשלעפט ווײַטער, דער אָרימער טײַוול — דער אײביק געשטראָפטער פונם גרויזאַמען לעבן, אַ לאָם אין אַ מאַמען, וואָס וויפיל ער זאָל נישט בלעקען וועט ער נישט קריגן צו זוינגן, אַ טאַבע אין מזל, וואָס ס'איז אַרויסגעוואָרפן דאָס שפּילן!...

— אַ לעבן פון אַ שעפּס! אַ לעבן פון אַ שעפּס! — האָט ער געהאַלטן אין אײן קײַען, און געזוכט אַ פאַרלאָזטן פײַער, וואו ער וואָלט געקענט טרינקען אַ ביטערע מאַטע, וואָס אַנדערע האָבן איבערגעלאָזט, שוין מיט אָפּגעשווײנקטער זשערבע, און מיט קוים לעבלעכן און איבער־געקאָכטן וואַסער.

דאָרט, זעצט ער זיך צו אויף די שפּיץ־פינגער, מיטן טשײַניק צווישן די פיס, און אַנבוינגנדיק דעם קאָפּ, זוינגט ער און זוינגט די אָפּגעשמאַקטע פליסיקייט, נישט הערנדיק דאָס געזאַנג און דעם געלעכטער וואָס די פרײ־לעכע יוגנט צוטראָגט איבערן וואַלד.

וויסט און חושך איז זײַן נשמה פאַרבליבן אויך אין יענעם יום טוב'דיקן זונטיק. אַז זײַן נשמה האָט נאָר קײַן זונטיקן נישט פאַרמאָגט!...

ר'איז אַלײן שולדיק, פלעגן אַלע זאָגן.

אַלײן שולדיג!... זײַן שולד, אַז דאָס פערד, וואָס ער האָט געכאַפּט, איז פּונקט געווען אַ נאַראָוויסטער?... זײַן שולד, אַז דער אָקס, וועלכן ער האָט געיאָגט, האָט זיך פּונקט פאַרנומען צווישן די מוילוואָורף־גריבער, וואו ער האָט געמוזט ברעכן האַלז און נאַקן?.. זײַן שולד, אַז דער שלאַקסרעגן פלעגט תּמיד אויספּלאַצן פּונקט אין דער צײַט, ווען אים איז אויסגעקומען צו היטן די סטאַדע?... זײַן שולד!...

נײַן, דאָס איז געווען דער שיקזאַל, נישט מער, — האָט ער גע־טענה'ט — דער שיקזאַל, וואָס שטראָפט פּונקט אַזוי די בהמות, ווי דעם מענטשן... ס'טרעפט אַמאָל, אַז אַן אויסגעמאַגערט פערדל, אַ פּגירה, פאַלט

אריין אין די הענט פון אן אקוראטנעם „גרינגא“, וואס האלט אים אין גאלאפ אף מאיס, זאטלט אים אן איינמאל אין א זונטיק און שפאצירט זיך דורך פאוואלי ביזן שיינק, און א גאנצע וואך לאזט ער אים הוליען; און אמאל טרעפט: א פערד מיט אלע מעלות, מיט א שיינעם שטעל, פעסט צו דער ארבעט, פלינק צום רייטן, פאקט זיך אריין צו א גאזשטש א שלעפער, וואס טרייבט אים גאלאפ אין סאמע האלבן טאג און לאזט אים אפ אין פראסטיקע נעכט, און נעמט זיך נישט אפילו די מי איבערצוגיין אים מיטן מעסער איבערן רוקן. און יענע נמאס'ע פגירה איז שטענדיק דיק און ס'גלאנצט אף איר די פעל, פרעסט צוזעצטערהיים, שלאפט אף א פרייען פוס, געפעשטשעט ווי א שיין מיידל און פויל ווי א הונט... און קעגנטייל, דער אנדערער, אן אויסגעמארעטער און באוואקסענער, צעווארמט פון שמיץ, צושטאכן ביז בלוט פון די שפארן, קומט ער אפ גריזשענדיק די ווארצלען פון די נאקעטע „פאטרעראס“ ארום די שיינקען און שלאפנדיק אונטערן צווייגן־אפדאך, מיט דער פענטע אף די פיס, מיטן ציימל אין מויל און מיטן זאטל אפן רוקן... זיין שולד, אפשר, אז דער באלעבאס איז א הפקר־יונגל!..

און אונטערגעבנדיק זיך העם גורל זיינעם, האט קאסטיזשא ווייטער געזוכן די „באמביזשע“, ביז עס איז אויסגעגאנגען דאס וואסער. נאכדעם האט ער — א שטיקעלע נקמה! — א שליידער געטאן די מאטע אינם אש אריין און דעם טשייניק אפן פייער. דערביי איז אפגעשפרונגען א פונק פון א האלעוועשקע און צוברים דעם נאקעטן פוס פון דער שלימזלדיקער בריאה.

— אט, א קללה!

— זיך אפגעבריט, „אמיגא“? — האט אים א פרעג געטון אן אלטיטשקער דורכגייער.

— יא. אט די לאפע מיינע האט קיין מזל נישט: איינמאל האב איך זי קוים ארויסגעשלעפט פון אונטערן פערד, נאכאמאל האט מיך געפאקט א קראמף, און ביי מאסאליער האט מען מיר זי דורכגעשאסן מיט א קויל...

— איר זענט געווען אין דער לעצטער מלחמה?

— קאססטיזשא האט געווארפן א דערשטוינטן בליק אף זיין

מיטשפּרעכער און האָט זיך אָנגערופֿן:

— געוואַלד!.. וואָ׳דען, איכ׳ל זיך אַרויסדרייען פֿון מלחמה?.. אַוואַדע, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט פֿון אַ „באַילע״ אָדער אַ שמחה׳לע, וואָלט מען מיך נישט פֿאַרבעטן, נאָר אָף צו פּלאָגן זיך!..

— מיט וועלכע האָט איר געדינט, מיט די ווייסע, אָדער מיט די רויטע?

— אײַנאָנהויב מיט די ווייסע, נאָכדעם מיט די רויטע.

— וואָס הייסט עס, „אַמיגאַ״!... איר האָט גאָרנישט אייער צד?

— צד! צד!.. וואָס ווילט איר זאָל איך האָבן? כ׳בין אַזוי ווי אַז „אַלפּאַרגאַט״, וואָס האָט נישט קיין זייט, וואָס טויג פּונקט אַזוי גוט פֿאַרן רעכטן פֿוס ווי פֿאַרן לינקן!..

אָט אַזעלכע מענטשן זײַנען דאָס פֿאַראַן! — האָט דער אַלטער „פּאַיסאַנאָ״ אויסגערופֿן טרויעריק...

און קאַסטיזשאַ האָט צוגעשטימט, צוגעבנדיק פֿילאָזאָפֿיש:

— אָט אַזעלכע מענטשן זײַנען פֿאַראַן! ס׳זייגען דאָ מענטשן, וואָס זײַנען אַזוי ווי די וועגן, צוליב דעם באַשאַפֿן, אַז יעדערער זאָל אָף זיי טרעטן!...



# א שמועס

— ...דאס האב איך פעטער, געוואלט אייך דערציילן, אז איך רעכן חתונה האבן...

— חתונה האבן?..

— דאס מיידל... איר קענט זי, דאן עסמיל דעם „פועסטעראס" טאכטער... דאס מיידל איז גאר א וואוילע...

— א וואוילע?...

— אזא וואוילע!.. זי ארבעט ווי אן אקס, איז מאנסיט ווי א קו, וואס לאזט זיך מעלקן נישט געפענטעט, און געטריי איז זי ווי א הונט, — אזוי געטריי, אז זי ווערט אוש לעסטיק...

— לעסטיק?..

— לעסטיק, אט אזוי, פון צופיל גוטסקייט, ר'פארשטייט?

— כ'פארשטיי: זי איז ווי א צופיל אנגעשטאפטע „מאלעטע", וואס באלעסטיקט ביים רייטן.

— פונקטלעך!.. נאר די זאך איז, ר'ווייסט דאך, פעטער, וואס א געשוואלענע „מאלעטע" איז טאקע אביסל אומבאקוועם פארן זיץ, נאר דערפאר האט מען די באפרידיקונג, וואס קומענדיק אין ראנטשע, איז דא פון אלצדינג.

— המ'... פון אלצדינג, אדער גארנישט: א צופיל אנגעלאדענע „מאלעטע" איז גרינג צו פארלירן!.. די היינטיקע גאוטשאס פארן אף לאסטפערד און אז ס'קומט זיי אוים צו נעכטיקן ווייט פון א ישוב, בינדן זיי אן דעם פיינעם רייט־פערד אף א שטריק און עס קומט א פוקס און שניידט איבער די פענטע, בלייבן זיי צופוס און, ווי די ליימענע גולמ'ס

זינגען זיי א „טרויעריקס'' צום פלאקן. ווען איך בין געווען א גאוטש איז מיין גאנצער פארמעגן געווען נישט מער ווי א פאר „באלעדארן'' און א דאנק גאט, כ'האב מיין זאטל אף דער פלייצע קיינמאל נישט געטראגן!..

— איז וואס־זשע, פעטער, מיינט איר מיט דעם צו זאגן?

— כ'מיין... אז ס'איז תמיד גלייכער ארומצודרייען זיך איידער זיך ארונטערדרייען... געטרוי נישט דער „טאבע'' וואס איז מזל'דיק נאכאנאנד, ווארום אט די דאזיקע, אז זי הויבט זיך נאר אן צו קוליען, איז שוין כסדר... הינטערבאקן!.. א לאשיק וואס פראוועט שטיק ביים ערשטן גאלאפ, ווערט נאכדעם, מיטן כח פון דער „לאסע'' און די שארפע שפארן, א געזעצטער פערד. נאר הויבט ער אן בריקעווען, נאכדעם ווי ער איז שוין אויסגעמאנ־סירט, איז דאס אזוי ווי דער ווייץ וואס וואקסט אן פרעסט; וואקסט ארויס נישט געקוסטעוועט, אדער ציט זיך שטארק אוים אין דער הויך און איז ווי א געוויקס אפשר גאנץ שיין, נאר קומט צום דרעשן, זעט מען ערשט, אז ער איז פונקט ווי דער „טשאכא'', איינע פעדערן נישט מער. איינע פעדערן... אין גרויסע טייכן, „טשע'', וועט זיך א גאוטש נישט דערטרינ־קען; ווארום איידער ער לאזט זיך שווימען, ווארפט ער אראפ פון זיך די פאנטשע און די שטיוול, ציט איין פעסט די „סינטשע'' און שאצט־אפ דעם שטראם, כדי צו וויסן וואו אוועקלאזן זיך און וואו ארויסקומען; וואו איינער ווערט יא דערטרונקען, דו ווייסט עס, דאס איז אין די קליינע געפגר'טע סאזשעלקעס, אין די אופגעשוואלענע בלאטעס. וואס איינער האלט זי פאר נישטיק, וואס ער רעכנט זיך נישט מיט זיי, און זיי שלינגען אים איין... זעסטו: מיך האט נאך קיינמאל קיין ווילדער פערד נישט ארונ־טערגעשליידערט — און איך האב געריטן אף אזעלכע, וואס האבן געהאט שלעכטע פליגן און וואס זיינען טאקע געווען אמת'ע פערד, גרוים ווי א ראנטשע, נישט ווי די היינטיקע מוילוואורפן, אדער די „גרינגאס'', וואס מ'האדעוועט זיי מיט א סאסקעלע אין די שטאלן, מיט א מאטראץ צום שלאפן און מיט א שיסעלע צום טרינקען, פונקט ווי זיי וואלטן געווען מענטשן. אין קעגנטייל, אט דער אקסלביין וואס איז מיר צובראכן, האב איך דאס צו פארדאנקן אן אפגעפארן פערדל, וואס איך האב מיך אופגע־זעצט אף אים נישט געזאטלט, צו פארטרייבן א קו!..

— יא, פעטער, נאר איך האב אייך געזאגט...

— אז דו ווילסט חתונה האבן...

— און אז דאס מיידל איז זייער א וואוילע...

— כ'ווייס שוין, כ'ווייס: אז איינעם געפעלט א פערד און ער האט חשק אים צו קויפן, ווייזט אים אפילו אויס, אז ער הירזשעט שיין.

— ניין! וואס א וואוילע איז א וואוילע!.. ניין, פעטער!

— איך אמפער זיך נישט מיט דיר!.. און א חוץ דעם, דארף דער „טראפעזא" אפקלייבן נאך זיין געשמאק נאך, און ווי צו אים אויב ער איז א שוטה און האט קיין אויג נישט און טוט אן די גלעקלעך אן אויס־געמאגערטן בוהאי. נישט אין דעם גייט עס, נאר מ'מוז דאך אויסשפילן דעם קאן, ווען אפילו דאס געלט גייט פארלוירן, ווארום, אז נישט, איז צו וואס זאל מען זיך דולן דעם קאפ און טאשעווען די קארטן.

— דאס איז אמת. און דערפאר טאקע, איידער איך שטעל איין דאס ביסל מינץ אף א קארט, קום איך זיך האלטן אן עצה מיט א געניטן מענטשן...

— א געניטן מענטשן!.. הער נאר, „טשע": אין די דאזיקע זאכן איז קיינער נישט געניט. איך ווייס, אז א „טוביאנער" פערד איז א גוטער לאסטפערד, אז א „טארדיזשא" איז אויסגעצייכנט פארן וואסער און די וואלפיש־גראע זיינען אלע טויגעניכטסטן צום רייטן... דאס ווייס איך. כ'ווייס, אז א רעגנדיק יאר איז א פעסט פאר שאף און א ברכה פאר פי; כ'ווייס, אז א פעלד מיט „קארדאס" און קלעווער האט א פייכטן באדן; כ'ווייס, אז פעטרעשקע רייניקט די בליטן, און אז דער „סיפא"־מעלאן, ארייגגעטון אין קאניע, קען אמאל זיין א רפואה צו א ביס פון א שלאנג... נאר בנוגע דעם וואס דו זאגסט... ס'זיינען פאראן אקסן, וואס צום אקערן זיינען זיי אויסגעצייכנט, און געשפאנט אין וואגן שלעפן זיי נישט; ס'זיי־נען פאראן פערד, וואס ציען גוט אף דער סינטשע, און אין כאמעט זיינען זיי טויגעניכטסן; ס'זיינען אויך פאראן אזעלכע פערד, וואס באזונדער שלעפן זיי זייער גוט, און אין פאר געשפאנט צוברעכן זיי דעם וואגן.

— אלזא?

— אלזא, אזוי ווי אף צו וויסן אויב די נבלות ציען גלייך, איז נישטא

קיין אַנדער ברירה, ווי פּרוּאוון זיי אין שפּאַן, איז דאָס בעסטע צו שפּאַנען לויז דעם דישעל און מיט דינע פּאַסטראַנקעס, כדי טאָמער זיינען זיי נאַראַ־וויסטע, זאָלן זיי זיך אָפּרייסן און אַוועק, און נישט צוברעכן דעם וואָגן. וואָרום, הערסטו: דער וואָגן פון לעבן, אַז ער האָט זיך נאָר איינמאָל צובראָכן, קען מען אים שוין מער נישט פאַרריכטן.



# כדי צו דערוויזן.

— אוועק! אוועק! דו שמוציקע זאך!.. ביזט אזוי ווי די קארדאָ־בלום, וואס מען קען זי צו דער נאָך נישט נעמען, ווייל זי שטעכט זיך!.. און פונקט אזוי ווי דער קארדאָ־דאָרן טויגסטו נאָר אַף צו מאַכן זויערמילך!..

— האַלט איין, כ א ס י נ ט א !..

— וואס איז? איך בין געוואוינט צו גאַלאָפּירן באַרג־אַראָפּ און האָב נישט מורא פאר די מוילוואורף־נאַרעס.

— כ א ס י נ ט א !

— אזוי ווי איך בין שטענדיק געווען אזא גלאָמפּ, אז איך האָב מיך נאָכגעשלעפּט נאָך דיר, פונקט ווי א פארבלאָנדזשעט שייפעלע גייט־נאָך הינטער יעדן דורכגייער אין פעלד, ווייס איך, אז דו האָסט א קרובה'שאַפט מיט די מוילוואורפן און מיט די שליינג; אז דו האָסט ליב די זומפּיקע בלאָטעס מיט הויכע גראָזן, וואו די זון קומט נישט צו, ווייל דו קענסט זי נישט פארליידן; וואו קיין מענטשן קומען נישט, ווייל זיי קענען דיך נישט פארטראָגן.

— זע, כ א ס י נ ט א !

— כ'האָב די לאַפּעס מיינע פארבלוטיקט און בין געגאַנגען אין דיינע טריט, און איך האָב געזען, אז דו ביזט פויל ווי א יאַשטשעריצע, ווייך ווי א ס ע י ב א ־ רוט און פאַלש ווי בלייענע צעין סענט.

— זע, „טשינע", ווארום איך...

— דו ביסט פונקט אזוי ווי א נישטיק פערדל, וואס צוקאַכט זיך: איין ריס נישט מער, און אַבי פון אָרט גערירט, בלייבט ער שטיין.

— דערהיץ מיך נישט, כ א ס י נ ט א !..

— אז דיך וועט דאך אפילו די יאנוואר־זון נישט דערהיצן... ווארום ווען ס'איז דא די זון לייגסטו דיך אוועק פאפן אונטערן א מ ב ו און בראפעסט ווי א הונט!..

— אז כ'וועל אריינקומען אין כעס... כ א ס י נ ט א!..

— קום שוין טאקע אריין אמאל!.. און וואס האסטו זיך פארטשעפעט, יונגערמאן, וואס דו קומסט נישט אריין?.. איך האב נישט מורא פאר קיין בליצשטראל, און צווישן דיר און א בליצשטראל דארף מען א היבש ביסל נאלאפירן, ל ו ס י נ ד א!

— ווען איך זאל געווען זיין א בליצשטראל...

— וואלט איך א ווייס קלייד אנגעטון און אף א רייט־שפאציר איבער די בערג־רוקנס וואלט איך מיך אוועקגעלאזט, און טוט א שמייס א גוס־רעגן, שטעל איך מיך אונטער א צעצווייגטן בוים אוועק... כא־כא־כא!... ווען דו זאלסט זיין א בליצשטראל, ווען די בליצשטראלן וואלטן געווען אזוי ווי דו, וואלטן זיי מילדער געווען פון א לעמעלע א „גוואטשא" און וואלטן קיינעם קיין בייז נישט געטון!

—כ א ס י נ ט א!... דו מיינסט, אז איך בין עפעס א לעמעשקע?

— אז דו וואלסט נישט געווען קיין לעמעשקע, וואלסטו דערלאזט דען, אז דער בלאנדער מ א ר א ל ע ס זאל מיך אזוי באליידיקן אף דער באילע ביי די ק א ס ט ר א ס, זאגנדיק, אז איך באשמיר מיר די האר מיט קנאבנ־מארך?.. ניי!.. דו האסט עס געהערט און האסט געשוויגן און געלאזט מיך פארשעמען: געמאכט זיך נישט זעענדיק ווי די ג א מ ע ז'ע ס, די שטרויס־פוינגלען, האבן געלאכט פון מיר.

— כ'שווער דיר, אז איך האב גארנישט געהערט, כ א ס י נ ט א!..

— כ'ווייס שוין, דו האסט נאר געזען דאס מעסער, וואס דער „רוביא" מ א ר א ל ע ס האט געטראגן אין גארטל... און ער איז א פיינער יונג, דער דאזיקער מ א ר א ל ע ס. ער טאנצט, איז דאס ממש א דערקוויקונג, און ביים טאנצן פירט ער אזעלכענע געשפרעכן און פארלירט זיך נישט...

— אדיאס, כ א ס י נ ט א.

— וואוהין גייסטו?

—אין זומפ אריין גיי איך... כאפן א קוס צווישן די ווילדע גראזן.

אפשר וועל איך דארט ערגעץ א פארשלאפענעם טילוואורף געפינען.

* * *

— גוטן אוונט, כ א ס י נ ט א.

— גוטן אוונט, ל ו ס י נ ד א. וואס ברענגסטו דאס אין פאנטשע?

— דיר א מתנה.

— אבער תמיד קומסטו אן צו שפעט! דער שווארצער כ ו א ן האט מיר נעכטן געבראכט א גאנצע טוץ.

— ווער ווייסט צי פונם זעלביקן סארט!

— דאס איז פון א „ניאנדו" אן ע ר ?..

— יא, זעסט...

— אי!.. אי!.. אי!.. מאראלעס'עס קאפ!.. דעם מ א ר א ל ע ס ' ע ם, וואס כ'האב אים אזוי ליב געהאט, פון אט דעם כוואט... פון אט דעם טינער...

— יא, כ'האב מיך געשלאגן מיט אים, האב אים דערהארגעט, האב אים געקוילעט, האב אים אפגעשניטן דעם קאפ...

— דו, ל ו ס י נ ד א!

— איך, יא: איך אליין, כדי צו דערווייזן דיר, אז איך בין קיין לעמעשקע נישט.

— א, ל ו ס י נ ד א, מיין ל ו ס י נ ד א ווי איך ליב דיך, ל ו ס י נ ד א מיינער!.. נעמסטו מיך צו דיר אין ראנטשע אריין?

— אין ראנטשע, זאגסטו?

— אוודע! צו דיר אין ראנטשע, מיין ליבינקער, כדי דיינע צו זיין, תמיד צוזאמען מיט דיר נאר אליין, ווי די לופט־נעגעלאך צום גוואיאבא־בוים זיין צוגעוואקסן צו דיר...

— ניין, אין מיין ראנטשע, ניט... אין מיין ראנטשע — דו ווייסט ווי ארים ס'איז מיין ראנטשע — אין מיין ראנטשע קומט געוויינלעך אריין דאס וואסער בשעת א שטארקן רעגן, און דער ווינט, ווען עס קומט אריין אין צארן דער פאמפערא, און... דער בליץ, ווען עס שיקט אים גאט... נאר... ווייסט, כ א ס י נ ט א ?.. ווער עס קומט נישט אריין אין מיין ראנטשע, ווער עס קען נישט אריינגומען, ווייל מיין ראנטשע איז ארומגערינגלט מיט

קנאבל... דאס זיינען די ניפטיקע שליינג!... דו קענסט אין איר נישט אריינקומען!..

— האסט מיך שוין מער נישט ליב!..

— יא, כ'האב דיך ליב... אט דא אראפצו ביים ברעג פונם טייכל איז פאראן א וואויל פלאץ, וואו צו מאכן א סיעסטא... גייען מיר אהינצו דעם דאזיקן שארבן באהאלטן?..



# ס'איז מיר אוזעק די האנט!

ו ו א ל ע נ ט י נ א איז אמאל געווען דאס שענסטע מיידל פון דער געגנט. א ווייסע און א בלאנדע, א הויכע און א שלאנקע, — כאטש זייער א דארע, דאס יא, — נאר וואונדערבאר שיין געשטאלטעט.

וואסערע סיבות האבן עס גורם געווען צו דער פולשטענדיקער פאר־ניכטונג פון איר שיינקייט אין משך פון איינע צען יאר און ווען זי איז אינגאנצן ערשט אלט געווען נישט מער פון צ ו וו י א ו נ ד ר י י ס י ק?

אייניקע פלעגן זאגן:

— ווייל זי איז א גרויסע מרשעת.

— די גאל צוגיסט זיך איר איבערן גאנצן קערפער און טריקנט זי איין שטיקערווייז — האט א זנאכערקע דערקלערט; און איינער א נאאיווער, גלויביקער בחור האט באהויפטעט:

— מיר האט מען דערציילט, אז אמאל, טרינקנדיק וואסער פון סאַ־זשעלקע, האט זי איינגעשלונגען א שלאנגן־נעסט און די שליינגלעך זיינען געבליבן אינווייניק, געוואקסן, געביסן זי און זי געמאכט אזוי שלעכט, מיאוס און עקלהאפט, ווי א קרעציקער הונט. איך וויים נישט... אט אזוי האט מען מיר דערציילט...

א הויכע, א דארע, איז ו ו א ל ע נ ט י נ א ווירקלעך געווען אן אפשטויסנדיקע שטיק מיאוסקייט. איר קליין פנים'ל, פול מיט זומער־שפרינקלעך, איז געווען צואקערט אין אלע ריכטונגען מיט אן א שיר קליינע קנייטשן; די אויגן, וואס האבן אמאל באדארפט זיין שיינע, האבן באקומען א פארגליווערט ווילדן אויסדרוק; די ליפן, דינע און טרוקענע, האבן געצוקט אין כסדר'דיקן ציטער; קיינער האט זיך נישט געקענט פארשטעלן

א שמייכל, אדער א קוש, פון יענע ליפּן, פּארוואנדלטע אין הארטע, שאַרסטקע שנירלעך, פון שטענדיקן שרייען, שעלטן, זידלען און טענה'ן. די דאזיקע פרוי איז געווען א מין מענשלעכער דארן.

אלס ווירטן איז נישט געווען צו איר קיין גלייכן: אז דער האָן האט נאָר דעם ערשטן קריי געטון, האט זי שוין ארויסגעלאזט דעם ערשטן געשריי, און פון דעמאלט בּיז דער נאכט, בּיז דער שלאָף און די מידקייט האבּן זי נישט אומגעווארפן פון די פיס, האבּן אירע הענט און איר צונג קיין איין רגע נישט גערוט.

די קולות, זידלערייען און טענות האבּן זיך איר פון מויל געשאטן ווי א נויטיקע באגלייטונג צו דער ארבּעט פון אירע הענט: זי האט אויסגעזען ווי אן אומדערמידלעכע און ליארמדיקע מאשין.

אַף איר מאן, מ א ט ע א, און אַף איר קליינער פּלימעניצע, א מ ע ל י א, האט אן אופהער געגאסן דער מבול: אַף א מ ע ל י א'ן האט זיך גאנץ אָפט אויך געשאטן קניפּן מיט סטוסאקעס. די פּעאָנעו און די „פּעאָנאָס", אז עס פלעגט זיי פלאצן דאס גערולד, פלעגן זיי צוזאמענעמען זייערע בּעבּעכעס און זיך אפּטראגן. א מ ע ל י א, וואס האט נישט געקענט אוועק, פלעגט כמעט דעם גאנצן טאג צובריינגען אין געוויין. מ א ט ע א, וואס האט אויך נישט געקענט אוועק, פלעגט שטענדיק לאכן.

מ א ט ע א איז געווען א מאן אין די פערציקער, א געזונטער, א דיקער און א פריילעכער. אַף די רחמנות־אויסדריקן פון זיינע פריינט פלעגט ער אפּענטפערן:

— הערט נאָר, דאָן... אז עס פאלט־צו די נאכט בּעת מ'ארבּעט אין וואלד, און איינער לייגט זיך שלאָפן און די קאמארן נעמען אים בּייסן, וואס טוט ער?.. ער דעקט זיך איבּער מיט דער פּאנטשע איבּערן קאָפּ און ליידט איבּער דעם זשום בּיז ער ווערט אנשלאָפן. נאכדעם זאל ער זיך אפילו אפּדעקן און די פּאסקודנע פליגן זאלן זיך אַף אים אנזעצן, וועט ער זיי שוין נישט פילן... גלויבּט מיר, מיט א גוטער פּאנטשע פון גערולד קען מען איבּערנעכטיקן אין וועלכן ניט איז זומפּ פונם לעבּן. נאָר דער ערשטער רעגנגוס נעצט דורך און נאכדעם, אז מען איז שוין דורכגעווייקט אינגאנצן, צו וואס זיך מאכן א וועזן פון דעם אנדערן?

אָן אַנדערש מאָל פּלעגט ער זאָגן:

— ווי אַזוי איך קען דאָס אויסהאַלטן?... אָבער, פריינט מיינער, האַלט איר נישט אויס פּונקט אַזוי, פון די גרילן און פון די נעלע זומער־פליגן, און בעת אַ שטורעם — פון די זשאַבעס, און פון די הינט, וועז ס'גלוסט זיך זיי בילן? גלויבט מיר, אַף דורכצושטופּן נישקשה'דיק דאָס וועלטל דאַרף מען נישט זיין קיין גרויסער מפונק און גנדיינקען, אַז ווען מ'איז הונגעריק איז אַפילו די ביטערע קישקע אויכעט דרויב.

ס'איז כדאַי פונדעסטוועגן צו באַמערקן, אַז פון צייט צו צייט, נישט נאָר אָפּט, אַז ס'פּלעגט אים שוין שטאַרק דערגיין צום האַרצן, פּלעגט ער אַ שפּיל טון מיטן הענטל פונם אַראָפּניק איבערן האָרטן קאָפּ פון זיין ווייב. נאָר דאָס, ווי שוין געזאָגט, זייער זעלטן, ווייל זי פּלעגט דאַן מאַכן אַזעלכענע געוואַלדן, אַז זי איז באמת געווען אומדערטרעגלער: מ'האָט געמוזט, אָדער זי דערהאַרגענען, אָדער אַנטלויפן פון שטוב. פאַרשטייט זיך, ער, פּלעגט אַנזאָטלען ס'פערד און אַוועק, איבערלאָזנדיק דערציטערטע אַ מ ע ל י אַ ' ן, די קאָץ און דעם ראָבן הינטל, וואָס האָבן שוין געוואוסט וואָס עס דערוואַרט זיי.

די אָרימע קליינע, באַזונדערס, האָט געמוזט אויסשטיין דאָס ערגסטע פונם שלאָקסרעגן. אַזוי, אַז זי האָט שוין כמעט קיין האָר אַפן קאָפּ נישט געהאַט און דאָס גאַנצע לייב איז איר באַדעקט געווען מיט סיניאַקעס!...

נישט קוקנדיק אַף דעם אַלעמען, האָט ער דאָך כסדר געלעבט אין דעם דאָזיקן גהינום, וואוהין, ס'איז אפשר איבעריק צו זאָגן, ס'פּלעגט קיינער נישט קומען מיט קיין באַזוכן, סיידן אַמאָל אַ פרעמדער דורכפאָרער, וואָס האָט שוין זיכער נישט פאַרזאַמט דאָרטן קיין גאַנצן מעת־לעת און זיך וואָס שנעלער אָפּגעטראָגן, טראַצדעם וואָס וו אַ ל ע נ ט י נ אַ, אין גרונט גענומען נישט קיין שלעכטע, פּלעגט אים מכבד זיין מיט אַן אויסגעצייכנטן און זאַטן מאַלצייט, מיט אַ ריינעם און ווייכן געלעגער. בנוגע דעם האָט אַמאָל אַ ליץ אַ בחור'ל געזאָגט:

— אויך די ווילדע בינען האָבן וואַוילן האָניק: נאָר אַט וועט וועך גיין שטופּן דעם שנוק אין זייערן אַ נעסטל!..

וואָס אַנבאַלאַנגט מ אַ ט ע אַ ' ן, איז די זאַך געווען אַנדערש: ער

האָט ליב געהאַט זיין ווייב: ער האָט געוואוסט, אַז איר שטענדיקע רוגזה, איר כסדר׳דיקע שלעכטע לוינע איז געווען א מין קריינק, אָבער א מין פעלער, און ער פלעגט עס אלעס מוחל זיין; אחוץ דעם, ווי ער פלעגט אליין זאגן, „האָט ער שוין געהאַט פאַרהאַרטעוועט די פעל פון זיין נשמה".

האט אבער פאסירט, אז איינמאל אינדערפרי איז דער גאוטש אופגע־שטאנען איינגאנצן א צודרייטער. ער איז די נאכט נישט געשלאפן, זיך וואַרפנדיק פון שטאַרקע בויך־קרעמפּן; זיך געהאט איבערגעגעסן מיט קאַ־ווענעס: זעקס קאווענעס פאר איין מאל האט ער פאריקע נאכט אופגעגעסן.

וואלענטינא איז זארגפעלטיק אופגעשטאנען, האט געמאכט פייער, האט אים איינגעגעבן א טיי פון ראמאשקעס, האט אים געלייגט צום בויך קאמפרעסן פון חלב, נאר דאס אלעס, פארשטייט זיך, באגלייט פון איר גיפטיקן מענה־לשון.

— האָב איך דיר נישט געזאגט, אז דו וועסט פּלאַצן, פרעסנדיק ווי א חזיר?.. נאר אַוודע האסטו מיך נישט געפאלגט און געהאלטן אין איין שלינגען און שוין!.. און נאכדעם זאל אויסגעריסן ווערן די אייזלטע פון שטוב און מאכן רפואות דעם קיסר!.. נאך נישט גענוג וואס פון גאַנץ פרי, ווען גאַט שלאפט נאך, הארעוועט מען שוין און מ׳האט צו טון א גאנצן טאג, דארף מען נאך ביינאכט אויך נישט קענען אפרוען!.. אט א חזיריש לעבן!..

מיטיק־צייט איז מאַטעאַ געקומען פון קאמפ נאך ערגער צו־שרויפט. עסן האָט ער נישט געוואלט.

— גוט! — האט דאס ווייב זיינס געברומט, — איצטער פעלט נאך זאלסט נישט עסן, אזוי וועסטו זיך נאך מער פארערגערן און וועסט מיך שוין ווידער פארמוטשען היינטיקע נאכט!.. א, ניין! מיין נישט, אז די נאכט וועל איך אויך ארומפאדען ארום דיר.

— אבער, ווייב דו!.. ווי אזוי ווילסטו אז איך זאל עסן, אז איך פיל ווי א „באגוואל" וואלט מיר ארומגעטאנצט אין בויך?..

— ווען דו וואלסט נעכטן נישט אופגעגעסן א האלבן גארטן מיט קאווענעס!..

מאַטעאַ׳ן איז אזש נישט גוט געווארן. האט ער זיך אופגעהויבן

און אוועק אין קאמף. נאר אינאוונט ביי דער וועטשערע, האט דער ארויס־רוף זיך באנייט נאך מיט מער פארביטערונג.

— וועסטו אויך נישט עסן דעם ראסעלע פון „לאקרא״?

— עס קריכט מיר גארנישט אין האלדז.

— זאל דיר אזוי ארייננקריכן א קדחת! עס לוינט טאקע צו מאכן א תל פון זיך און זיך בראטן אין קיך, כדי נאכדעם ארויסצעווארפן דאס עסן פאר די חזירים!..

מאטעא האט אלץ ארומגעשפאנט הין און צוריק, אן אומגעדול־דיקער, א נערוועזער, שמייסנדיק מיטן אראפניק איבער די כאליעוועס פון די שטיוול. וואלענטינא, נישט צומאכנדיק דאס מויל אף קיין רגע, האט זיך אופגעהויבן, דערלאנגט א שטויס מיטן פוס דעם הינטל און א קניפ אמעליא׳ן, און נאכדעם איז זי צוגעגאנגען נאענט צו איר מאן און זיך צושריען אים אין פנים אריין:

— ווילסט איך זאל דיר ווידעראמאל מאכן א טיי פון ראמאשקעס?..

— לאז מיך צורו.

— דו וועסט שוין ביי מיר טרינקען, נישקשה!.. הערסט?

— ניין!

— איבערגוואלד וועסטו טרינקען!

— הער מיך אוף צו מאטערן, ווייב!

— ט׳אזוי!.. אזוי... איצטער מאך זיך דו פארן נעבעכל, פארן בעל־יסורים, ווען אין דער אמת׳ן מוז איך דאך אלעס אויסשטיין, נאכדעם ווי איך ברעך מיר דעם רוקן, הארעוועדיק ווי א בהמה.

— ווילסט אמאל אנשווייגן ווערן? — האט אויסגערופן דער גאוטש, אופהויבנדיק די „רעוועקע״.

— איך וויל נישט! — האט זי אויסגעשריען, צוקומענדיק נעענטער.

מאטעא, אן אופגעקאכטער, האט אראפגעלאזט דאס הענטל פון דער „רעוועקע״ איבער וואלענטינא׳ס קאפ, און יענע איז אומגעפאלן ווי א שטיק בליי און געבליבן פארשטארט. טרעפנדיק אין שלייף, האט דער אייז זעץ זי אוינגבליקלעך געטויט.

דער מאַן אירער, אַ דערשיטערטער, האָט אויסגערופֿן מיט טיפֿן וויטיק:

— ס'איז מיר אוועק די האַנט!

נאָכדעם, האָט ער אַף די הענט גענומען וואַלענטינאַ'ס טויטן קערפּער און געוויינט ווי אַ קליין קינד:

— מיין אַלטיטשקע... מיין אָרימע אַלטיטשקע! — האָט ער געזאָגט, — איך בין געווען אַ בהמה, און אמת'ע בהמה!.. מיין אָרימע אַלטיטשקע!.. איך האָב נישט געמיינט צו דערלאַנגען אַזאַ שטאַרקן זעץ. ס'איז מיר אוועק די האַנט!...



# אין טשאַקאָ

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר זיך געשלעפּט מיט אייזל־טריט איבער דעם געדרייטן וועג, וואָס אַט ציט ער זיך גלייך דורך אַ קיילעכדיק טאָלכעלע און אַט פאַרזינקט ער, שלייִנגלענדיק זיך, אין אַ ברייטן טונעל פון חוצפּה׳־דיק צעוואָקסענע קעבראַטשאָ־בוימער, הויכע, ווי די קירכנטורעמס.

ס׳האָט שוין גענומען צופאַלן דער פאַרנאַכט, און געשווינדלט האָט אונז פאַר די אויגן און אין מח פון דעם אַלץ אייגענעם אָנבליק פון דעם אומענדלעכן וואַלד. אַ דרום־ווינט האָט האַסטיק פאַריאָגט די שטיקנדיקע היץ, נאָר האָט אונז דערפאַר אין פּנים געשמיסן מיט דעם רויטלעכן און דריבנעם שטויב פון די זאַמדיקע פּאַמפּאַס פון טשאַקאָ; מיט אַט דעם שטויב־וויכער, וואָס איז נאָך ערגער פון דער בייזער אָנשיקעניש פון די מאָסקיטאָס און קאָמאַרן.

דער הימל האָט אינם אומדערמעסטלעכן רוים פון זיין הערשאַפט אויפ־געהאַלטן אַ שאַרפע בלויקייט, וואָס בלענדעט, וואָס דריקט און דערשמע־טערט מיט זיין איינטאָניקן ליכט.

אַרויסקומענדיק פון אַ ווילדן און טראַציקן צווייגן־פּלאָנטער, האָט זיך פּלוצלונג פאַר אונזערע אויגן געעפנט אַ ליבלעכע לאָנקע, וואָס איז באַ־דעקט געווען מיט דעם שטעכעדיקן „קאַפּיהאַקוּאַ״, — אַן אמת׳ער גיהנום פאַר די לאָסטפערד, אויב זיי מוזן דאָרט דורכגיין אָנם שוץ פון רימענע פּאַלאַינעס.

דאָס שטיקל פעלד האָט געבילדעט כמעט אַ פּונקטלעך געצייכנטן אומ־קרייז פון אַ פינפהונדערט מעטער די ברייט. דאָ און דאָרט, אויף דעם גראָזיקן טאַפּעט, זיינען שטאָלץ געשטאַנען די „קאַראַנדאַיס״־פּאַלמען, וואָס

ווערן געוויינלעך באַנוצט אַלס מאַטעריאַל פאַר דעכער אין דער גאַנצער געגנט.

פון אַלע זייטן האָט די לײַדנשאַפֿטלעכע ווילדעניש אַרומגערינגלט דעם טאָל מיט אַ הויכן, ברייטן, אומדורכדרינגלעכן באַריער, און צווישן די פאַרשידענערליי גרינקייטן זײַנען האָבן ווי געשמייכלט די לאַפּאַטשאַ־בוי־מער מיט די גרויסע ראָזעווע פלעקן פון זייער בליאונג, אינמיטן פון די קופּעראַרטיקע פאַרדאַרטע באַקאַאוטן־בוימער און דעם הערלעכן פּורפּור פון די סעיבאַ־בלומען. אין צענטער פונם פלאַכן פעלד האָט געגלאַנצט, ווי אַ שוואַרצאַפּל פון שטאָל, אַ קלאָר וואַסערל, וואו עס זײַנען שטיל אַרומגע־שוואומען, פּונקט ווי קליינינקע שוואַרצע שיפלעך, די פיש־זשאַבעס.

בײַם מזרח־ראַנד פונם פעלד האָט אַ ריזיקער פייגנבוים אַנגעבאָטן אונדז דעם מחיה׳דיקן שאָטן פון זײַן סמאַראַגדן־געוועלב. איך בין אַראָפּ אויף דער ערד און מיט פאַרגעניגן האָב איך זיך אויסגעצויגן אויף דעם מאַ־טראַץ פון די טרוקענע בלעטער און די ווייכע זײַדענע ליאַנעס, וואָס האָבן זיך אַנגעהויפנט צופֿוסנס אַרום דעם גיגאַנט.

מײַנע באַגלייטער, קאַרענטינער, האַרטע, ווי די קעבראַטשאַ־בוימער פון זייער היימלאַנד, האָבן זיך קיין וועזן נישט געמאַכט פון דער מיד־קייט און פון די לעסטיקע זונענשטראַלן, וואָס האָבן געטאַנצט אויף זייערע פנים׳ער פון יאַקאַראַנדאַ־בוימער, און האָבן נישט געפֿונען פאַר נויטיק אַרונטערצושטייגן. זיי זײַנען געבליבן זיצן אויף די זאָטלען מיט די פיס אונטער זיך, האַלטנדיק פעסט צווישן זייערע פּערלמוטערנע ציין דעם שטינקענדיקן „פּאַראַגוואַיער" און מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן האָבן זיי געחלומט, ווייזט אויס, פון דער „קוניאַטאַאַי", וואָס זיי האָבן איבערגע־לאָזט דאָרט ווייט־ווייט הינטער דעם פאַרכמורעטן וואַלד, ווייט הינטער דעם ברוייזנדיקן טײַך, באַהאַלטן ערגעץ אין אַ נעסט פון בלאַטע און פאַל־מענבלעטער, צווישן די בליענדיקע מאַראַנצנוועלדער פונם אומפאַרגעסלעכן טאַראַגואַי.

האַלב אײַנדרעמלענדיק אונטער דער משא פון דער שווערער לעבלע־כער לופט, פון די דופּטיקע ווילדע ריחות און פון דער אימה׳דיקער שטיל־קייט, האָב איך אויך אָנגעהויבן צו חלום׳ען: צו חלום׳ען פון דער אַזוי נאָענטער און שוין אַזוי ווייטער פאַרגאַנגענהייט; פון די ווילדע מדבריות,

פון דער אונטערגרונטגעגנגענער אינדיאַנישער הערשאַפט. עס איז די זעלביקע אומהיימלעכע ערד, צופרעסן פון וועלדער, צו׳שרפ׳עט פון זון, פאַרפּיי־ניקט פון טריקעניש; די אייגענע אומפּריינטלעכע געגנט, וואו די לאַנקעס זיינען פון שטאָל און די טייכן פון זאַלץ; דער אייגענער גיהנום פון דורשט, וואס מאַכט משוגע; דער אייגענער הימל אָן וואָלקנס, וואו עס פּלאַטערן אַרום צאַרניקע די הונגעריקע ראָבן; דער אייגענער וואַלד, וואו פאַרזיכטיק שלייכט זיך דער טיגער; דער אייגענער געמייזעכץ, וואו עס נעסטן די לאַמפּאַלאַגוואַ־שליינג; די אייגענע זומפּן, וואו עס גאַלאָפּירן צווישעטע די ווילדע חזרים, און די אייגענע טייכלעך, וואס ביי זייערע שמוציקע ברעגן וואַרעמען אָפּ דער זון זיך די זשאַקאַרעסן. אַלעס פּונקט ווי אַמאָל, אומ־פאַרענדערט, מיט דער אייביקער שיינקייט און אייביקער עקשנות; ס׳פעלט בלויז דער האָר, דער דאָרט געבוירענער...

פעלט?.. אויסגעמישט מיט די קאַרענטינער פון מיין סוויטע, געפינט זיך אויך איין טאַבאַ־אינדיאַנער. ער איז דער איינציקער, וואס איז אַרונ־טער פון אייזל, און זיך א וואַרף געטון מיטן בויך צו דער ערד, און האָט קענטיק גענומען באַטראַכטן די לאַנדשאַפט, מיט דעם אויסערסט גלייכגילטיקן בליק פון זיינע מוטנע שוואַרצאַפּלען, אין וועלכע עס רוט אַן אייביקע ביינקשאַפט. די מאַסקיטאַס באַדעקן כמעט אינגאַנצן זיינע נאַקעטע שיינקלען און די קאַמאַרן בילדן א גראָע כמאַרע איבער זיין אַנטבלויזטן קאָפּ, נאָר ער גיט זיך אפילו קיין ריר נישט. ער האָט דעם אויסזען און די פאַרגליווערטקייט פון אַן אָפּגעהאַקטן און אָפּגעסטרוזשעטן קלאָץ, וואס איז שוין אויסגעשטאַנען אַלערליי וועטערן. א מוסטער פון דער באַרויבטער ראַסע, ווער ווייסט וואס פאַר א מאָדנע און מטושטש׳ע געדאַנקען ס׳האָבן געדרייענגט זיך אין דער פינצטערניש פון זיין קליינעם מח׳ל. מעגלעך, אַז באַטראַכטנדיק די אָפּשטויסנדיקע אומפּריינטלעכע ערד, וואו אַמאָל האָבן זיך אויפגעהאַלטן די זייניקע אין שטענדיקער אַמפּעריי מיט די ווילדע חיות, זאָל ער האָבן נאָכגעדיינקט וועגן דער שטופּע פון אומבאַהאַלפנקייט וואס איז נויטיק, כדי נישט אַרויסצורופן קיין קנאה צו זיך.

מיינע אויגן האָבן זיך צוגעשלאָסן אינגאַנצן, און א טרוימערישע מילד־קייט באַהויכט מיין פּנים, ציענדיק צום שלאָף. א געפיל פון אייניקע סע־קונדן בלויז; איך געפין מיך אין ט ש אַ ק אַ, און אין ט ש אַ ק אַ הערשן

נאך שרעקלעכע ווילדע — די מאַסקיטאָס, וואָס צווינגען מיך אויפצוהאַלטן די מידיקע וואַכזאַמקייט.

נאָר, וואָס זע איך עס פאַר מיר? איז עס אויף דער וואָר? אָדער בלויז א זעאונג פון מיין צוהיצטן מח?..

איך רייב מיר אויס די אויגן און באַטראַכט אויפמערקזאַם די משונה־דיקע גרופּע, וואָס איז ווי פון אונטער דער ערד אַרויס אויף דעם רוף פון א מעכטיקן צויבערשפּרוך. די גרופּע באַשטייט פון דריי אַלטע אינדיאַנערינס, דריי גרוילנדיקע פיגורן, וואָס זיינען קוים ענלעך צו מענטשן. א שמאַטע, מיט א קנופּ אויפן שטערן, האַלט צוזאַמען די שיטערע און גלאַנציקע פּאַטלע: עפּעס א טראַנטע פאַרדעקט קוים דעם קלענגלעכן ביוסט, איבערלאָזנדיק אַנטבלויזט דעם איינגעשרומפּטן האַלדז, וואָס איז שוואַרץ און צורונצלט געוואָרן, ווי א ווערבע־שטאָם, און א פּאָר אויסגעדאַרטע טונקעלע אָרעמס: אָרעמס פון א מומיע און פון א מאַלפּע צו דער זעלביקער צייט. א קליידל, צופליקט און צופּיצלט, האָט נאָר געגרייכט ביז די קני, לאָזנדיק אַנטבלויזט די פיס, וואָס זיינען אויך געווען מאָגער און שוואַרץ, פּונקט ווי די הענט. יעדע פון זיי טראָגט אויפן האַלדז, פאַרוואָרפן אויף א זייט, א זאַק פול מיט ווער ווייסט וואָס פאַר א זעלטענע אומנוצלעכקייטן. איינע פון זיי האַלט רייטנדיק אויף א היפּט א נאַקעט קינד צוגעבונדן, אין אויסגעדאַרטס און א בייכיגס, מיאוס ווי א קליין וועגטעוועאַ־פויגל, וואָס האָט נאָך נישט קיין פעדערן.

אומבאַוועגלעך, נישט ריידנדיק קיין וואָרט, אין דער מינדסטער תנועה אויפן פּנים, האַלטן זיי אויסגעשטרעקט צו מיר זייערע קליינע, ביינערדיקע, מאַלפּישע הענט. אַזוי שטייען זיי עטלעכע מינוטן, אויסהאַלטנדיק מיין פאַרוואונדערטן בליק. ענדלעך ווערט איינע פון זיי עטוואָס אומגעדולדיק און רופט־אויס מיט א פאַרדומפּטן קול:

— דאַ, דאַ...

איך האָב אויך מורא א ריר צו טון זיך, אָדער אויסריידן א וואָרט, אום נישט צו פאַרטרייבן די דאָזיקע מתים־געשטאַלטען, און די עלנדע בריאה, נים רירנדיק כמעט מיט די ליפּן, מיט א פאַרשטאַרטן קערפּער און פאַרשטיינערטן פּנים, האַלט אין איין בעטן:

— דאַ... דאַ...

איך גיב איר עטלעכע ניקלען און בעט ביי איר איניקע פלאנצן, וואלד־געוויקסן, פעלד־בלומען. זיי פארשטייען נישט. איך ווידערהאל א דריי־פיר מאל מיין בקשה, אז ערפאלג. צום סוף קוקן זיי זיך איבער, רוקן זיך צוזאמען, און אזוי ווי מערעשקעס, וואס טרעפן זיך און פארשטענדיקן זיך דורך דער בארירונג פון זייערע פילהארנדלעך, האבן זיי זיך אויסגערעדט, און אזוי שטיל, ווי זיי זיינען געקומען, האבן זיי זיך דערווייטערט, אוועק אין וואלד אריין און פארשוואונדן.

איך בין געבליבן אין פארלעגנהייט, נישט וויסנדיק אויב איך זאל באדויערן אדער צופרידן זיין מיט דעם פארשווינדן פון די קלאנעדיקע האלב־מענטשלעכע, האלב־חיה'שע געשטאלטן. עס זיינען קוים פארביי א צען מינוט, ערשט מיט דער זעלביקער פארזיכטיקייט, מיט די זעלביקע גערוישלאזע טריט פון פאנטאזמען, דערשיינען ווידער פאר מיר די דריי הארפיען. דאס מאל אין באגלייטונג פון עמעס, וואס מען וואלט געקענט אננעמען פאר א שיינהייט, צווישן די טאבאס. דאס איז געווען א יונגע פרוי; זי האט געטראגן א ראזעווע, וואלענע טיכל אפן קאפ, א ריינע און נייע קאפטל פון בלוי־ווייסן ציץ, און א רויט קליידל. די פיס — פיין געפורמטע, קליינינקע, בארועסע, אזוי ווי ביי די אנדערע, נאר זארנפעלטיק אפגעהיטע. פון אירע אויערן האבן ארונטערגעהאנגען גאלדענע אוירינגלעך. אפן האלדז האט זי געטראגן א שנור פאלשע פערל און די פינגער זיינען געווען באזעצט מיט פראסטע רינגען.

דערזעענדיק מיך, האט זי זיך אפגעטיילט פון אירע באגלייטערנס, — וואס זיינען געבליבן שטיין אין א ריי, פארשטארטע, שווייגנדיקע, — און האט זיך דערנענט מיט אן אומבאשרייבלעכן שמייכל, מיט דעם שרעקלעכסטן שמייכל, וואס האט ווען עס איז פארשוועכט און דערנידריקט א מענטשלעכן פנים. דער שמייכל!.. אויב איר ווילט האבן א באגריף פון זיין גרוילנדיקן עקל, שטעלט זיך פאר — אויב דאס איז אייך מעגלעך! — א גארילע, א קורטיזאנקע, וואס קאקעטירט מיט תאוה'דיקע תנועות.

אַ, דער שמייכל פון אט דער אומגליקלעכער באשעפעניש!... ער האט מיר מער וויי געטון, פיל מער, ווי דער אנבליק פון די אלטע ט א ב א ס, די מכשפות. איך האב איר אפגעגעבן דאס גאנצע ניקל־געלט, וואס איך האב געהאט, אבי זי זאל וואס שנעלער אוועק. נאר זי האט אלץ געשמייכלט,

געשמייכלט, — געשמייכלט מיט קענטיקער אנשטריינגונג און האט זיך גענומען דרייען אין אלע זייטן אנטקעגן מיר. מיט־אמאל, געטראפן, ווייזט אויס, פון מיין אפשטויסנדיקן בליק, האט זי אראפגעלאזט די אויגן, איז געווארן טרויעריק און ווידעראמאל אויסגעשטעלט די האנט נאך א נדבה. אזוי ווי איך האב אבער איר מער נישט געגעבן, איז זי אוועק צו די אלטע, און אלע צוזאמען, אלץ אזוי שטיל — ווי פאנטאזמען, שטייפע, אויסגע־צויגענע, פארשטארטע, נישט אומקוקנדיק זיך אין ערגעץ, זיינען זיי אין וואלד אריין און פארשוואונדן.

אז זיי האבן זיך שוין מער נישט געזען, האב איך מיך געשטעלט אף די פיס, גרייט צו פארן ווייטער. דא האבן זיך מיינע אויגן באגעגנט מיט דעם בליק פונם ט א ב א, וואס האט אויסטייטשנדיק אף זיין שטייגער די אומצופרידנקייט, וואס האט זיך געמערקט אף מיין פנים, מיר א זאג געטון אויף זיין שפראך, ווי א מין פילאזאפישע טרייסט:

— „קאיקא לא טשיהוע, קאיקא לא מאהוא". *)



*) נישטא מער קיין געלט, נישטא מער קיין ווייב.

# דער אַפּזאַג

אפּעסנדיק א געשמאַקן פרישטיק, וואס איז באַשטאַנען פון א האַלבן זייטל געבראַטן שאַפּנפלייש, איז די „פּאַליציי" פון פּאַגאַסאַלאַ געווי־סנהאַפּט געשלאַפן די סיעסטאַ.

די „פּאַליציי" פון פּאַגאַסאַלאַ איז געווען דאָן אַבעלינאַ מאַנטענעגראַ.

דער קאַמיסאַר, קאַרלאַס לעיוואַ, איז געווען א ראַזאַריער לעב־יונג, וואס איז געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן די שטאָט און צוזאַמען מיט איר אויך די שטעלע זיינע אלס אפיציעלער זשורנאַליסט, צוליב עפּעס א צו רעש'יקן סקאַנדאַל. זיינע גוטע ברידער און באַשיצער האָבן אים דאָן מכבד געווען מיט דעם פּאָסטן פון קאַמיסאַר אין פּאַגאַסאַלאַ, וואו ער האָט געזאָלט איבערקומען עטלעכע מאָנאַטן, ביז דער עולם וועט זיך פאַרגעסן אינם סקאַנדאַל.

— וואו געפינט זיך ערגעץ פּאַגאַסאַלאַ? — האָט ער א פרעג געטון, ווען מען האָט אים דעם דאָזיקן אַנבאָט געמאַכט.

— ערגעץ דאָרט, ביי דער גרעניץ פון קאָרדאָבאַ.

— אַכאַ!.. דאָרט וואו דער טייוול האָט די פּאַנטשע פאַרלוירן.

— דאָרט דערביי דאַרף דאָס זיין.

— גוט, גייען מיר אין פּאַגאַסאַלאַ. ס'איז שטענדיק כדאי צו קענען א וועלט, כאָטש איך צווייפל שטאַרק, אויב פּאַגאַסאַלאַ האָט עפּעס אויך א שטיקל שייכות מיט דער וועלט.

און באַוואָרנט מיט די נויטיקע דאָקומענטן, האָט ער, א פרייליכער, א מונטערער, זיך געלאָזט אין וועג אריין, דערקלערנדיק, אז „פּאַר א גוטן גאַוטש איז נישטאָ פאַראַן קיין פוילער פערד און א הונגעריקער הונט בראַ־קירט נישט מיט קיין אָפּגעגריזשעטן ביין".

דאָס פּאָליציי־הויז איז געווען אַ חרוב׳ע ראַנטשאָ, אַרומגעוואַקסן מיט קראַפּעווע און פאַרלוירן אין דער איינזאַמקייט פונם פלאַכן סטעפּ. אָפּגע־רוקט אַף אַ מהלך איינע פון די אַנדערע, האָבן זיך געשוואַרצט נאָך איי־ניקע אַזעלכע ראַנטשאָס — ישובים פון „טשאַקאַרעראָס״.

קאַרלאָס איז אופּגענומען געוואָרן פון אַ האַלב בלינדן און קרומ־פיסיקן אַלטן מאַן, וואָס, ווי נאָר ער האָט זיך דערקוקט ווער דאָס איז און נאָך וואָס ער קומט, האָט ער אים מיליטעריש באַגריסט און האָט זיך פאַרנויגט אַזוי קאָמיש, אַז דער יונגער קאָמיסאַר האָט אַרויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

דער אַלטער איז געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך. מיט זיין אָפּגעקראַ־כענער קעפּקע אַף דער פּאַטילניצע, מיט דעם פּאַראַגוואַיער ציגאַר צווישן די ציין, מיט דער ברייטער סאָלדאַטסקער בלוזע, וואָס איז אַף אים געהאַנ־גען ווי אַ זאַק, מיט די לומפּיקע שוואַרצע „באָמבאַטשעס״ פון גראָבן גע־וואַנט, מיט די שמוציקע אַלפּאַרגאַטן און ריזיקער סאַבליע, האָט ער וויר־קלעך אויסגעזען העכסט קאָמיש.

— וואו איז די פּאָליציי? — האָט דער נייער קאָמיסאַר אַ פרעג געטון.

— אַנוועזנדיק, — האָט געענטפערט דער אַלטער, אויסזינגענדיק דאָס וואָרט מיט דעם עכטסטן קאָרדאָבער אַקצענט.

— איך פרעג דיך, וואו איז דער פּערסאָנאַל.

— נו, יאָ!.. אַנוועזנדיק, דאָן קאָמיסאַר.

דו אַליין?

— נו, יאָ!.. אַזוי ווייזט עס אויס... איך אַליין... דער סאַרכענטאָ מאַנטענעגראָ... אייך צום דינען...

—ס׳קען נישט זיין... מען האָט מיר געזאָגט, אַז דער פּערסאָנאַל באַשטייט פון אַ סאַרכענטאָ מיט פיר „מיליקאָס״.

— נו, יאָ!.. דער סאַרכענטאָ בין איך...

— שוין! און די סאָלדאַטן?

— אַ חידוש!.. די סאָלדאַטן זיינען פאַרשריבענע.

—וואָס הייסט עס, פאַרשריבענע?

— זעט איר... אַזוי פלעגט זיך נוהג זיין דער פריערדיקער קאָמיסאַר...

זעט איר!... אזוי ווי די צאָלעכצן זיינען נישטיקע, פּלעגט דער קאָמיסאַר אופּעסן דריי מיליקאָס...

— און נאָך איינער וואו איז?

— דעם פערטן פּלעג איך מוזן אופּעסן... אזוי איז שוין דאָ דער מנהג.

— אַבאָ?.. זייער וואויל. מיר וועלן אָפּהיטן דעם מנהג. און כדי צו וויזן דיר, אז איך האָב נאָך בעסערע ציין פון מיין פאַרגענגער, וועסטו זען ווי איך אליין קען פאַרדייען אלע פיר סאָלדאַטן.

— מיין קאָמיסאַר, ס'איז נישט מעגלעך, איך באַדאַרף אויך איינעם אופּעסן...

— ש־ש־שט!... טאָמער רעדסטו א סך, וועל איך דיך אליין אויך אופּעסן, און איך בין זיכער, אז די שכנים וועלן נישט ערגער באַדינט זיין. ווייסטו שוין, אַלזאָ.

און מיט דעם האָט קאַרלאָס לעיוואַ פאַרנומען זיין אַמט.

געשלאָפן, גערימפּלט אף דער גיטאַרע, געשריבן „צענשורה'דיקע", אין קאַרטן געשפּילט און ליבעס געפירט מיט די „טשאַקאַרעריטאַס" — און אזוי האָט דער געוועזענער זשורנאַליסט זיך געפילט גאַרנישט שלעכט, אין באַגלייטונג פון זיין „פּערסאָנאַל", דעם סאַרכענטאָ מאַנטענעגראָ, וואס איז געווען זיין קאָמערדינער, זיין קוכער, זיין שיק־יונג און זיין פאַרטרויענסמענטש. די „סלוזשבע" איז געווען זייער לייכט!..

נאָר דאָס גליק דויערט נישט לאַנג, נישט אפילו אין פּאַגאַסאַלאָ. אין א געוויסן פרימאָרגן, בעת די „פּאָליציי" האָט געמיטלעך גערוט און דער קאָמיסאַר, נאָך אין די אונטערוועש, האָט זיך געלערנט אויסקלאַפּן עפּעס א טאַנגאָ אף דער גיטאַרע, איז אריינגעפאַלן א פאַרסאָפּעטער איינער פון די שכנים און דערציילט, אז אין שיינק פון „פּיטאָ", א קנאַפּע לעגווע פון דאָרט איז געשען א געפערלעכע סומאַטאַכע: א בלוטיקע דראַקע, איין טויטער, צוויי פאַרוואונדעטע, — מ'מוז דאָ שנעל האַנדלען!

לעיוואַ האָט אויפגעוועקט מאַנטענעגראָ'ן און אים געהייסן אָנזאַטלען די פערד, דערציילנדיק אים פריער וואס עס האָט פּאַסירט. דער סאַרכענטאָ האָט דעם באַפעל אויסגעפירט אָן חשק, האַלטנדיק אין איין וואָרטשען, און אין א ווײַלע אַרום זיינען זיי ביידע געפאָרן אַפּן וועג צום

אומגליקס־פלאץ. מאנטענעגרא איז געווען שטארק פארטראכט. אפּ־פארנדיק א שטיקל וועג, האט ער זיך אנגערופן:

— זעט איר, דאַן קאַמיסאַר... אויב די פארברעכער זיינען „גרינגאס" וועלן מיר זיי ארעסטירן; נאר טאמער זיינען זיי „קריאזשאס", איז גלייכער ניט צו טשעפּען זיי.

— ווארום?

— ווייל די „קריאזשאס" זיינען ווילדע חיות און וועלן זיך נאך פארפירן שלאגן.

— וועלן מיר זיך שלאגן.

— הום!...

מאנטענעגרא האט זיך ווידער פארטראכט. מיט א צען מינוט שפּעטער האט ער אויסגעגליכט זיין פערד מיטן קאמיסאר'ס, זייט ביי זייט, און האט זיך אנגערופן:

— זעט איר!.. ווייסט איר וואס איך טראכט?

— וואס טראכסטו?

— אז איר זאלט מיר געבן דעם אפּזאג.

— וואס הייסט, איך זאל דיר געבן דעם אפּזאג אפן מיטן וועג?.. ווען מיר וועלן צוריקקערן, וועל איך אים דיר געבן.

— זעט איר דאַן קאמיסאר... דאס מוז זיין איצטערט־א, באלד... און אז ניט...

— אניט, וואס?

— אניט... וועל איך דעזערטירן... און אט האב איך טאקע שוין דעזערטירט! — האט ער א געשריי געטון, פארקערווענדיק דאס פערד, און האט זיך אוועקגעלאזט אין שנעלן גאלאפּ גלייך צו דער קאמיסאריע.

לעיווא האט אים נאכגעקוקט, א צומישטער, און ווען דער סאר־בענטא איז שוין געווען פארשוואונדן אין א וואלקן פון שטויב, האט ער זיך שטארק צולאכט, און האט זיך אויך א לאז געטון אף צוריק.

אין דער קאמיסאריע, איז מאנטענעגרא געזעסן גאנץ רואיק און געטרונקען א מאטע.

— שנעל גרייט זיך צו. איך וועל דיר געבן דעם אפּזאג — האט לעיווא ארויסגערעדט מיט א געמאכטן כעס.

— צו וואס דארף איך אים?

— האסט דאך ערשט געבעטן!

— כ'האב געבעטן דארט... נאר איצט איז קיין אורזאך נישטא... נו, יא!..

ל ע י וו א האט זיך ווידער צולאכט, און האט זיך אנגערופן:

— דערלאנג א „ביטערע".



# שוויינערײַ

חברים, נאר אמת הארציקע חברים, זיינען געווען לינדאלפא און קאראסיאלא; חברים פון דעם סארט, ביי וועמען די ווערטער מיינס און דיינס האבן קיין ממשות'דיקן ווערט נישט געהאט.

האט לינדאלפא באדארפט אנזאטלען און נישט געפונען זיין סינטשע, האט ער גענומען קאראסיאלא'ס; איז קאראסיאלא'ן, אין איילעניש, צו דער האנט געקומען לינדאלפא'ס ציימל, האט ער שוין זיינס נישט געזוכט. אזוי פלעגן זיי זיך בסדר פארבייטן מיט זייערע זאכן.

ביידנס בשותפות איז געווען דאס ביסל פארמעגן, וואס זיי האבן געהאט, און קיין סאך האבן זיי נישט פארמאגט, ווארום געווען זיינען זיי פשוטע באטראקעס, און חוץ דעם, זארגלאזע און לוסטיקע יונגען. דער פאר איז אבער ביידנס בשותפות אויך געווען דער רייכער אוצר פון זייערע הערצער.

נישט קוקנדיק אף דעם, האט דאך פאסירט, אז מיטאמאל זיינען זיי צווישן זיך געווארן שטארקע קעגנער, און אט ווי דאס איז געשען:

אין א טאג, וואס מ'האט „געמארקירט" א סאך יונגן סקאט, האט דער באלעבאס יעדן פון זיי געשיינקט א לאשיקל. לינדאלפא האט אויסגעקליבן א „פאנגארע"; גראסיאלא האט אויסגעקליבן אן „אווערא". מיט א יאר שפעטער האבן זיי אליין אויסגעמאנסירט זייערע פערדלעך, און כדי אויסצופרואוון זיי, האבן זיי באשלאסן צו מאכן א וועט־לויף אף אן „אנגעזאטלטן" באראן, דאס הייסט, זיך וועטן אף א מאל־צייט פון געבראטן שאפנפלייש, ברויט, וויין און דאס איבעריקע.

זיי האבן געמאכט די „קארערע" און געוואונען האט דער „אווערא". לינדאלפא איז אבער נישט געבליבן באפרידיקט, און זיי האבן

באַשטימט צו מאַכן נאָך אַ פּרואוו, בײַ גליַיכן אַרויספאָר, אין אַ חודש אַרום.

ווידער האָט דער „פּאַנגאַרע" פאַרלוירן, נאָר דער באַלעבאָס זיַינער איז אַלץ נישט געבליבן איבערגעציַיגט:

— דו האָסט מיך געוואונען מיטן אַרויספאָר.

— וואָס טויג מיר די טענות, גוטער ברודער! אַז מען לויפט מיט אַ פערד דאַרף מען פאַרמאַכן דאָס מויל און האַלטן אָפן די אויגן. כאָטש איך מוז דיר פריער זאָגן, אַז דו וועסט מיך פאַר קיין פאַל נישט געווינען, אַפילו ווען דו זאָלסט זיך אופריַידן מיטן טייוול אַליין.

— ווילסטו זיך וועטן אויפן אַנדערן זונטיק?

— די זעלביקע דריַי הונדערט וואָראָס?

—געוויס.

— זאָל זיַין אַזוי.

דעם אַנדערן זונטיק זיַינען זיי געלאָפן, און ווידער דעם זעלביקן מזל געהאַט. דאָס מאָל איז שוין לינדאַלפּאַ געווען שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט נישט געקענט שוין ווי פריער פאַרליַידן דעם גוטמוטיקן חוזק פון זיַין פריַינט.

ווען אין דעם פאַרנאַכט, וואָס זיי זיַינען צוריקגעפאָרן פונם שייַנק, וואָלט קאַראַסיאַלאַ זיך אַרונטערגעקייקלט פון פערד און וואָלט זיך אַ פּוס צובראָכן, וואָלט עס לינדאַלפּאַ'ן אפשר הנאה געטון; נאָר אויפן אַנדערן טאָג איז אים שוין איבערגעגאַנגען דער כעס; דער ברידערלע־כער געפיל, וואָס האָט זיי פאַראייניקט, האָט גובר געווען די שנאה.

פונדעסטוועגן האָט אָבער לינדאַלפּאַ אַלץ נישט געפּועלט בײַ זיך צו אָנערקענען די הינטערשטעליקייט פון זיַין פערד, און פאַר יעדן דורכפאַל האָט ער געפונען אַן אַנדער תירוץ, און וואָס אַמאָל, האָט ער זיך אַלץ מער פאַר'עקשנ'ט, אַז ער מוז דערשלאָגן זיך צו אַ רעוואַנש.

— אַז ס'וועט דיר שוין גאָרנישט העלפן, ברודער — פלעגט אים קאַראַסיאַלאַ זאָגן: — דיַין „פּאַנגאַרע" איז אַ מישלינג מיט אַן אייזל.

— דאָס וועלן מיר זען דעם זונטיק.

די גאַנצע געגנט האָט זיך לוסטיק געמאַכט איבער זייער שטריַיט.

זונטיק נאָך זונטיק האָט זיך אַלץ איבערגע'חזר'ט דער פּרואוו. אייניקע מאָל איז קאַראַסיאַלאַ, אויס רחמנות צו זיין פאַר'עקשנ'טן פריינט, שוין גרייט געווען צו לאָזן זיך געווינען; נאָר נאָכדעם, אין דער התלהבות פון די ארויספאַר־פּראָבעס, האָט אים די לײַדנשאַפט באַהערשט און ווידער איז ער ארויס דער זיגער.

אין אַ שיינעם טאָג, זעענדיק, אַז די זאַך נעמט אָן אַ מיאוסע ווענדונג, האָט קאַראַסיאַלאַ זיך אָנגערופן:

— געגנוג ברודער; דאָס איז שוין פּשוט נאַריש; מער וויל איך קיין קאַרערעס נישט.

נאָר לינדאַלפאַ איז אַלץ געבליבן אומבאַפרידיקט. ער האָט גע־טענה'ט, געבייזערט זיך און געבעטן:

— די לעצטע אויף דעם זונטיק, און שוין.

—די לעצטע?

— „סי".

אזוי איז עס געבליבן. לינדאַלפאַ האָט די גאַנצע וואָך געלעבט צוליבן פערד, האָט אים געהיט און געקעמבלט און גאַרנישט געוואוסט וואָס צו טון איבער אים, און אינם טאָג פון דער קאַרערע איז דאָס פערדל ווירק־לעך געווען נאָר צום באַוואונדערן.

ווען ער האָט פון אים ארונטערגענומען דעם צורעק, האָבן די מבינים אים געלויבט אין טאָג אריין, און לינדאַלפאַ'ס האַרץ איז צעגאַנגען פאַר פרייד. פונדעסטוועגן האָבן זיך שוין ביי דער ערשטער ארויספאַר־פּראָבע אָנגעהויבן די וואָכעדיקע געוועטן, און דאָס האָט אים פאַרשאַפט עגמת־נפש.

— פינף קעגן צוויי!

— צוויי קעגן דריי!

— דריי קעגן איינס!

— איך שפּיל דאָפּלט און מיט אַ צווישנשייד אויפן „אווערא"!..

זיי האָבן זיך אוועקגעלאָזט. אומזיסט האָט לינדאַלפאַ צופּאַסעוועט זיין פערד מיט די שפּאָרן און מיט דער רעוועלקע: ער האָט פאַרלוירן. ווען ער איז ארונטער פונעם פערד, איז ער געווען בלייך ווי קרייד. ער האָט אַ ווײַלע ארומגעשפּאַנט אין אַ קרייז, נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, און איז

ענדלער, צונעגאנגען צו קאראסיאלא׳ן. א גרויסער עולם האט ארומ־ גערינגלט דעם „אווערא״ און אים שטארק געלויבט.

— נו, דאס איז שוין די לעצטע קארערע! — האט זיך אנגערופן קאראסיאלא, ארופלייענדיק חבר׳יש זיין האנט אפן אקסל פון זיין פריינט.

— יא, די לעצטע, האט ער געענטפערט פארביטערט, מיט א הייזע־ ריקער שטימע. און פלוצלונג, ווי פארכאפט פון א משוגעת־אנפאל, האט ער ארויסגעצויגן זיין מעסער און אריינגעשטאכן דעם „אווערא״ צווישן די פאדערשטע פיס.

קאראסיאלא איז נשתומם געבליבן און איז עטוואס אפגעטראטן אף הינטן, אין דער צייט וואס זיין פערד איז אוועקגעפאלן, דריגענדיק מיט די פיס.

— וואס האסטו געטון?.. — האט ער ארויסגערעדט.

און אויסער זיך פאר כעס, האט ער ארויסגעכאפט זיין מעסער און זיך ארופגעווארפן אף זיין פריינט, און איידער ס׳האט נאר ווער צייט געהאט אריינצומישן זיך, איז לינדאלפא צו דער ערד געפאלן מיט א צולעכערטן קערפער פון די מעסער־שטעך.

קאראסיאלא׳ן האט מען באלד ארעסטירט. ער האט אויסגעזען געלאסן און רואיק, זייענדיק זיכער, אז ער וועט פרייגעשפראכן ווערן.

— ווער וואלט עס געקענט גלויבן, אז לינדאלפא זאל פייאיק זיין מיר אפצוטון אזא שווינערריי... „פוטשא!״ ווארום דאס איז דאך באמת א גרויסע שווינערריי: נעמען און דערהארגענען מיר דאס פערד, זייענדיק אזוי באפריינדעט ווי מיר זיינען געווען באפריינדעט!..



# צוליבן קינד

דער קלוגער גאָטש זאָגט אַ ריכטיק ווערטל: הויבט נאָר אָן אַריינ־רעגנען אין ראַנטשע, איז אומזיסט די אַרבייט, וואָס מען לאַטעט דעם דאַך.

די לעבנס־אומשטענדן האָבן געבראַכט פּ י אַ ב אַ ר ע ט אַ ׳ן צו אַן אייגענער ראַנטשע, אַ קליינע, נאָר אַ הײמלעכע, אַ באַקוועמע און גוט איינגעאָרדנטע. אַן אַרבעטער אַ בעל־תכלית, אַן פּאָרדאַרבענע זיטן, איז אים געלונגען מיט זיינע אָפּגעשפּאָרטע סענטן צו דערווערבן אַן אייגן שטיקעלע נחלה. אַ סטאַדע פון הונדערט שאָף, אַ האַלבע טוץ בהמות, אַ האַלבע טוץ פערד, דריי פּאָר אָקסן און אַ היבשע „טשאַקרע״ — וואָס ער אַליין האָט פּאַראַקערט, געזייט און געשניטן — האָבן אים דערלויבט צו פירן אַן הרחבה־דיק לעבן.

און זיין ווייב — אַ שיינע, אַ גוטע און אַ בריה, און זיין אינגעלע, וואָס איז געוואַקסן געזונט און מונטער ווי אַ הינטעלע, און דער גוטיטשקער טאַטע זיינער, דער אַלטער ע ק ס אַ ל ט אַ ס י אַ ן, האָבן באַזונט זיין וועלט, באַלוינענדיק מיט אַ מותרות אַלע זיינע אָנשטריינגונגען.

פּ י אַ איז אַלט געווען פערציק יאָר; זיין ווייב ע וו אַ, דרייסיק; פינף דאָס יאַטל, און דער זיידע... גאָר אַ סך.

קיינע צאַנקערייען, קיין שום רוגז איז קיינמאָל נישט געדראָכט גע־וואָרן דאָרט אין שטוב, וואו — ס׳איז כדאי דאָס צו וויסן — מען האָט נישט געקענט קיין לויף־פערד, נישט קיין קאָרטן, נישט קיין אַלקאָהאָלישע געטראַנקען.

דאָס דאָזיקע געזינדל איז ענלעך געווען צו דעם טייכל, וואָס איז גע־פלאָסן אויף צוויי קוואַרטאַלן פון שטוב: די שטענדיק לויטערע וואַסערן

האָבן אַלע מאָל געשטראָמט מיט דעם אייגענעם לאַנגזאַמען ריטם, נישט אופגערירט די שטיינדלעך פונם גרונט און נישט געשראָקן מיט קיין שטורמישע אויסברוכן די רואיקע זילבערנע פּלאַטקעס, וואָס האָבן זיך מענ־געסווייז ארומגעדרייט, שטרייטנדיק פאַר די דיקע בלעטער פון קרעס, וואָס האָבן באַגרינט די ברעגן פונם טייכל.

נאָר איינמאָל אין אַ טאָג איז אַ בליץ געפאַלן אַפן דאַכשפּיץ פון ראַנ־טשע, און דער גערודער פון שוועבל האָט אַף תמיד פאַרטריבן די פרייד פון יענעם פלאַץ: פאַרנאַכט־צו, בעת פּ י אַ האָט זיך ארומגעיאָגט איבערן קאַמפּ, צונויפטרייבנדיק דעם סקאָט, האָט מען פון שטוב דערהערט צוויי שאָסן. און אַזוי ווי עס איז נאָכט געוואָרן און פּ י אַ האָט זיך נישט צוריקגעקערט האָט דער אַלטער, שטאַרק באַאומרואיקט, אַנגעזאָטלט דאָס פערד און אוועק אין קאַמפּ.

אין טאָלכל, צווישן ווילדע גראָזן, האָט ער זיך אַנגעטראָפן מיט דעם טויטן קערפּער פון זיין זון.

האָט מען געטון אים זיין רעכט, מ'האָט אים באַגראָבן.

מיט צוויי טעג שפּעטער קומט־אָן דער קאָמיסאַר, פּונקט אין דער שעה פון נאָכמיטאָג־רו, ווי ער איז עס אַפטער געוואוינט געווען צו טון שוין זייט אַ זעקס חדשים. נאָר אין דעם טאָג האָט דער אַלטער ע ק ס א ל ט א ס י א ן נישט געהאַט געלייגט זיך שלאָפן די סיעסטאַ, און דער קאָמיסאַר, וואָס זיין אַנוועזנהייט האָט אים נישט געשמעקט, האָט דער־קלערט נישט גערן:

— דאָס קום איך מאַכן אַ פּראָטאָקאָל פון דעם וואָס דאָ איז געשען, נאָר אַזוי ווי עס ווערט מיר שפּעט און איך האָב נאָך אַנדערע נויטיקע עסקים צו באַזאָרגן, וועל איך קומען אָפּדערנאָכט... זאָלסט אַף מיר וואַרטן...

— האָט ער שטריינג אַ זאָג געטון, וואַרפנדיק אַ שטייפן בליק צו עווא'ן, פון וואָס איר פּנים איז געוואָרן רויט ווי צונטער און תיכּף, בלייך ווי קרייד.

— ניין! ניין! באַפריי מיך, ראַטעווע מיך, טאַטע!..

דער אַלטער איז מיט זיבערע טריט צוגעגאַנגען צום קאָמיסאַר, אים אי־בערפרעגנדיק:

— וועט איר אַלזאָ קומען אָפּדערנאָכט?

—יאָ — האָט דער קאָמיסאַר עזות׳דיק געענטפערט.

עקסאַלטאַסיאָן האָט רואיק און פּאַוואָליע ארויסגעצויגן פון גאַרטל זיין פּיסטויל „לאַפּושע". וואס האָט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזט, און האָט אים אויסגעלאָדן.

— וואס טוט איר? — האָט מיט געוויסן אייפער א פרעג געטון דער קאָמיסאַר, און דער אַלטער האָט געמיטלעך געענטפערט:

— כ׳וועל איבערבייטן די פּוליעס. די דאַזיקע ליגן שוין לאַנג אין די רערן און כ׳האָב מורא זיי זאָלן נישט מאַכן קיין טעות אין שפּיל.

— איר רעכנט אימיצן דערהאַרגענען? — האָט דער באַאַמטער א פרעג געטון מיט חוזק.

און דער אַלטער האָט געענטפערט:

— קען זיין; — עס דרייען זיך פּוקסן ארום שטוב, זוכן עפּעס אויס־צוכימרעווען, און פאַר זיי מוז מען קוילן פאַרגרייטן.

דער קאָמיסאַר, וואס האָט גוט געקענט דעם אַלטן עקסאַלטאַ־סיאָן, האָט זיך געמאַכט נישט פאַרשטייענדיק, און איז אוועקגעפאָרן.

מער האָט מען אים דאָרט אין שטוב נישט געזען; נאָר די אָפּטע גנבות פון סקאָט האָבן אָנגעהויבן צו פאַרוויסטן דעם קליינעם מאַיאָנטעק. יעדן פרימאָרגן האָט מען געפונען אין קאַמפּ צוויי־דריי טרעמבעכעס פון שאָף, וואס זיינען געקוילעט געוואָרן ביינאַכט דורך די באַנדיטן פון די ארומיקע ראַנטשעס. אין א טאָג האָבן זיי זיך ארומגעזען, אַז עס זיינען פאַרשוואונ־דען געוואָרן די בעסטע צוויי פערד; מיט א פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן גע־פעלט צוויי אָקסן... און ס׳איז גאָרנישט געווען צו מאַכן; דער אַלטער און די שנור זיינע האָבן זיך גוט געהיט נישט צו מעלדן גאָרנישט דער פּאָליציי.

אום צו פאַרמערן די שרעקנס־געשפּענסטער אין יענער געשטראָפטער היים, אַליין כדי צו דערגרייכן די באַפרידיקונג פון זיין גראַבער תאווה, איז איינמאָל אין א פרימאָרגן, כמעט פאַרטאָג נאָך, געקומען אהין דער קאָ־מיסאַר, באַגלייט פונם אַלקאַלדע, און צוויי שכנים. ער איז דאָס געקומען מאַכן אַן אָביסק, צוליב אַן אָנקלאַגע וואס ער זאָל האָבן באַקומען פאַריקן אוונט.

זיי האָבן קיין סאַך נישט באַדאַרפט זוכן, זיי זיינען גלייך אוועק אין

גארטן און „אנטדעקט", באהאלטן צווישן די גראזן, א שאפענע פעלעכל, מיט דער מארקע פון א שבנישן גוטבאזיצער.

אומזיסט האט זיך גע'כעס'ט און געבייזערט דער אלטער, דער קרבן פון דעם דאזיקן נידערטרעכטיקן שווינדל: דער פארברעכן איז געווען קלאר. מען האט אים געבונדן די הענט און אפגעפירט אין ארעסט.

צומארגנס, אויך גאנץ פרי, איז דער קאמיסאר ווידער געקומען.

— וואס נאך ווילט איר דא האבן? — האט אויסגערופן די אלמנה אן אופגעקאכטע.

— טאקע אייך אליין וויל איך — האט דער באאמטער געענטפערט — אייך אליין וויל איך האבן. און איר דארפט שוין איינזען, אז אייער ווידער־שטאנד איז אומזיסט... די בייזע הינט, וואס פארטיידיקן דאס געפאנג, וועלכעס מיין הארץ גלוסט, טו איך זיי אן א מוילקארב...

— אדער איר דערהארגעט זיי!...

— אדער איך דערהארגע זיי... אזוי איז עס...

און צוקומענדיק נאענט און זוכנדיק אנצונעמען זי ארום טאליע, האט ער צוגעגעבן, מיט א האניק־זיסער שטימע:

— מען דארף זיך אונטערגעבן, מיין שאץ; און איר וועט זען ווי ליב איך האב אייך צערטלעך און ווי...

— אוועק פון דאנען, דו פאסקודנע בריאה! — האט ע ו ו א אויס־געשריען, אים אפשטויסנדיק מיט קראפט.

— אביסעלע פארזיכטיקער!.. איר'ט שוין געזען, אז איך בין קאפאבל צו בראדיען גלייך איבערן וואסער, כדי צו גיין אהינצו, וואוהין איך וויל...

— און וואס נאך פאר א נידערטרעכטיקייטן קאנט איר אפטון?.. מיין מאן דערמארדעט, מיין ביסל פי געלאזט אוועקגאנווענען, מיין שווער פארשפארט אין קארצער... וואס־זשע נאך קאנט איר טון?...

— איר פארמאגט נאך א קליין הינטעלע... אפראמען אט דאס הינטעלע...

— מיין אינגעלע! האט עווא אויסגעשריען אין העכסטע אנגסטן: נאר באלד האט זי אופגעגעבן איר שטאלץ, און איר ענערגיע האט זיך אויס־געשעפט. זי איז געפאלן אף די קני און מיט צונויפגעלייגטע הענט האט זי געיאמערט און געבעטן:

— „נא, סעניאר קאמיסאריא"! דאס נישט!.. מיין אינגעלע... נא...!

ער האט זי אופגעהויבן, און א ווילדן תענוג האט ער געפילט, אומ־ארמנדיק זי און קושנדיק, אט אזוי, בעת זי האט זיך איינגאנצן געצאפּלט און געשטיקט זיך פון טרערן, אומפילבאר צו זיין שענדלעכן אנגריף...

צוביסלעך האט אבער דערוואכט איר באוואוסטזיין. זי האט זיך גע־פּרואווט ארויסדרייען פון די צערטלעכקייטן, וואס האבן זי געבריט ווי מיט פייער און האט געעפנט דאס מויל, כדי צו שרייען נאך הילף. נאר ער האט איר דאס מויל פארזיגלט מיט א חוצפה'דיקן און מגושם'דיקן קוש, וואס איז געווען ווי א ביס פון אן אייפערזיכטיקער חיה...

זי האט זיך מיט אלע כחות א ריס געטון פון די ארעמס פונם בארבאר: אירע אויגן, ליפן און באקן האבן מיט פייער געשפּריצט, און זי האט ארויס־געבּרומט:

— קיינמאל!.. קיינמאל!

אין דער רגע האט זיך באוויזן אין הויף דאס קינד, מיט א בקשה:

— מאמע,וועסט מיר דערלויבן אפּרייסן א קאווענע?..

דער קאמיסאר, פול מיט רציחה, איינגאנצן אויסערן זינען, פארוואנדלט אין א ווילדע חיה, האט ארויסגעצויגן די סאבליע און, פאכענדיק מיט איר גזלנ'יש, האט ער אויסגעשריען:

— באסטא!.. אדער דו גיסט זיך אונטער, אדער איך קוילע דיר אים אוועק דא אפן ארט!..

ע ו ו א איז געבליבן שטיין פארגליווערט פון שרעק. די אויגן אירע, ווי גרויס זיי זיינען געווען, זיינען איר געווארן צו קליין אף צו לאזן ארויס־פלאצן די שטראמען טרערן; בלייך און קאלט, ווי געפרארענער טוי, איז איר געווארן דאס פנים און מיט א נאך מער בלאסער און קאלטער שטימע, האט זי ארויסגערעדט, זיך ווענדנדיק צום קינד:

— גיי, מיין זונעלע; גיי זוך דיר אויס'עט א קאווענע...



# דער וואָלף!... דער וואָלף!...

אַ קריינקלעך, שוואַך אינגל איז דאָס געווען, מיט משונה'דיק לאַנגע און דאַרע פיס, מיט אַן אויסגעקרימטן רוקן און אַן איינגעפאַלענער ברוסט, און פון זיין בלייך, אפגעצערט געזיכט האָבן ארויסגעקוקט צוויי גרויסע שווארצע אויגן, מיט אַ פארגליווערטן אויסדרוק פון אייביקן פחד.

פופצן יאָר איז ער אלט געווען; געהייסן האָט ער ק אָ ס מ ע, נאָר רופן פלעגט מען אים נישט אַנדערש ווי „דער אידיאָט".

אופגעהאַלטן האָט זיך דער א י ד י אָ ט ביי אַן אלטן „פּועסטערא", וואָס האָט נישט געהאַט קיין פאַמיליע און וואָס זיין ראַנטשע איז געשטאַנען אף אַ פאָר קווארטאלן די ווייט פונם „שלעכטן טייך". ביים טייך פלעגט דער קליינער ק אָ ס מ ע פארברייינגען גאַנצענע טעג, טאָג איין, טאָג אויס, כאַפנדיק פיש — דאָס איינציקע וואָס ער האָט געקענט. אייניקע האָבן געגלויבט, אַז דער אַלטער פ אַ נ ט ש אָ איז אַ זיידע דעם אידיאָטס, נאָר דאָס איז געווען נישט ריכטיק. דאָס וואָס ער האָט אים געהאַלטן ביי זיך, איז עס נאָר געווען אפן באַפעל פונם „פּאַטראָן" וואָס האָט אים אפגעגעבן דער פארשטארבענער כ ע ס ו ס א 'ס ראַנטשע, און אים געהייסן האַדעווען דעם יתום, וואָס איז אין יענער צייט, ווען דאָס אומגליק האָט פאַסירט, אלט געווען אכט יאָר.

וועגן דער דאָזיקער פאַסירונג זיינען ארומגעגאַנגען אַלערליי היסטאָריעס, אַלע דורכגעוועבט מיט די אומגעלומפּערסטע פירושים. דער אמת זעט אויס צו זיין אַזוי:

דער פּאַטראָן, ד אָ ן ס ט אַ נ י ס ל אַ אָ, איז שוין געווען אַ מענטש אין די יאָרן, ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט דער אלמנה ד אָ נ י אַ פ אַ ו ל אַ — די גרעסטע מרשעת פון אַלע געבוירענע אין דער געגנט, זייט דער צייט

פון די שפּאַניער ביז היינטיקן טאָג. איר אייפערזוכט האָט פּשוט משוגע געמאַכט ד אַ ן ס ט אַ נ י ס ל אַ א'ן, וואָס איז אין גרונט געווען אַ גוטער מענטש, טראַצדעם וואָס זיין גרויסער האָריגער קאָפּ, זיין צופּלעטשטע נאָז, די אַרויסגעשטאַרטשעטע אויגן און די שטייפע וואָנסעס זיינע האָבן אים צוגעגעבן אַ געוויסן ווילדן אויסזען פון אַ ים־וואָלף.

די אייפערזוכט פון ד אַ נ י אַ פּ אַ ו ל אַ האָט פאַרפלאָנטערט אין איר נעץ יעדע בריאה, אַבי נאָר אין אַ קליידל, סיי יונג, סיי אַלט, סיי בלאָנד, סיי טונקל, אָדער שוואַרץ. נישט די לאָגיק, נישט די מעגלעכקייט, נישט די וואָרשיינלעכקייט האָבן געקענט אָפּהאַלטן אירע אָנפאַלן. ד אַ ן ס ט אַ נ י ס־ ל אַ אַ איז שוין כמעט געווען „אַנגעזועטיקט", ווען זיין לעבנס־באַגלייטערן האָט אַנטדעקט זיינע אַמאָליקע באַציאונגען מיט כעסוסאַ'ן, די „פּועסטעראַ" פון „אַראַזשאַ מאַלאַ"... ס'איז געווען הימל עפן זיך!..

נאָך צוויי חדשים פון אַזאַ פאַרסאַמט לעבן, האָט, איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ס ט אַ נ י ס ל אַ אַ צו זיך אַליין געזאָגט:

— די דאָזיקע חיה וועט מיר דעם מאַרך פון די קישקעס אַרויסציען!.. מ'מוז זוכן עפּעס אַ מיטל.

און ער האָט זיך אויפגעזעצט רייטנדיק און אַוועק איבערן פעלד, שלאָגנדיק דעם „סאַינאָ" זיינעם, בעת זיין ווייב האָט שיר געפּלאַצט, אים נאָכשרייענדיק:

— גיי ברענג זי דיר אַהערצו, דו, פּאַסקודניאַק! גיי ברייננג זי, גיי!..

מער האָט ער נישט געהערט.

אַזוי ווי עס איז געווען שטאַרק היים, און ער איז געווען אויפגערעגט, איז ער אַוועק צום טייכל זיך אָפּבאָדן: דאָ מוז געזאָגט ווערן, אַז דער נאָמען „שלעכטער", מיט וועלכן עס איז באַצייכנט געוואָרן יענער וואַסער־שטראָם, האָט נישט געשטאַמט פון די געוויינלעכע קריאָזשער גוזמאות. ער איז באַשטאַנען פון אַ רייע לאָגונעס — נישט קיין ברייטע, נאָר טיפע און „פּאַסקודנע" — אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע דורך שטיקלעך זומפּן, וואָס האָבן געוואָרפן אַ שרעק אויף יעדערן, וואָס האָט געמוזט זיי דורכקרייצן.

ד אַ ן ס ט אַ נ י ס ל אַ אַ האָט אַנגעוואָרפן אייניקע קאַמאָלאָטן ביים ברעג פונם וואַסער, צווישן די סאַראַנדי־קוסטעס, האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַ

נאקעטער, אפּצוטריקענען דעם שווייס. א קול פון א קינד האט געצויגן זיין אויפמערקזאמקייט, און ער האט געווארפן א בליק אפן אנדערן ברעג. דארט, אין א קליינער שלובט, האט כ ע ס ו ס א וועש געוואשן; נעבן איר האט זיך געשפּילט איר אינגעלע. דאס בילד האט אים געמאכט פארלירן דעם קאפּ — זיין קאפּ פון א ברוט, וואס איז אנגעצונדן געווארן מיט האס קעגן דער ארימער פרוי, וואס איז אומשולדיקערווייזע געווען נאך איין איבעריקע אורזאך פון זיין צרה'דיקן פאמיליען־לעבן. דער גאנצער אומעב־טיקער צארן, וואס זיין מרשעת האט אין אים ארויסגערופן, האט זיך איז איין אויגנבליק א קער געטון אף כ ע ס ו ס א ׳ן, זיין באשיידענע חבר'טע פון פארגאנגענע טעג. עס האט אים גענומען שווינדלען פאר די אויגן, און אינגאנצן משוגע פון אופרעגונג, האט ער זיך אראפּגעלאזט אינם וואסער און, אויסרייסנדיק א גרויסן בינטל קאמאלאטן, הינטער וועלכע ער האט זיך באהאלטן, האט ער זיך געלאזט שווימען צום וואשפּלאץ.

די פרוי האט אלץ געטון איר ארבעט, נאר דער קליינער האט גענומען צוקוקן זיך צו דעם אינזל פון גראז, וואס האט זיך שנעל געטראגן צו זיי. פּלוצלונג, האט זיך דער קליינער צושריען אין גרויס שרעק:

— מאמא!.. דער וואלף!.. דער וואלף!..

די קאמאלאטן האבן זיך פארהאלטן ביים וואשפּלאץ און פון צווישן די גרויסע גרינע בלעטער איז ארויס דער שווארצער קאפּ, מיט זיינע צוויי קיילעכדיקע און ארויסגעסטארטשעטע אויגן, מיט זיין צופלעטשטער נאז און זיינע לאנגע, שטייפע וואנסעס ווי פון חזיר־האר.

— דער וואלף!.. דער וואלף!..

מער האט ער נישט געקענט ריידן. די חיה האט זיך א ווארף געטון צו כ ע ס ו ס א ׳ן, וואס האט זיך געהאט אנגעבויגן, כדי בעסער צו זען, — א כאפּ געטון זי ארום האלדז און מיט איין פלינקן טויך האט ער זי ארונטערגעלאזט אפן גרונט פון דער לאגונע.

דאס אינגל האט זיך געלאזט לויפן מיט א גרוילנדיקן געשריי:

— דער וואלף!.. דער וואלף!..

* * *

מיט צוויי טעג שפּעטער האט מען כ ע ס ו ס א ׳ן געפונען שווימענ־

דיק אין דער לאגונע. קאסמען, וואס איז פארוואנדלט געווארן אין א װולשטענדיקן אידיאט, האט דער „פאטראן" גענומען צו זיך און האט אים איבערגעגעבן אונטער דער אופזיכט פון דעם אלטן „פועסטערא".

* * *

דארט, נאענט ביים וואסער, איז געוואקסן „דער אידיאט", א שוואכער, א קרײנקלעכער, אן אײנגעהויקערטער, אן א טראפן בלוט אין פנים, מיט זײנע גרויסע שווארצע אויגן, פארגליווערטע אין אן אויסדרוק פון אײביקן שרעק.

אײנמאל אין א ווינטערדיקן פארנאכט, ווען ער האט זיך ארומגעדרייט, ווי שטענדיק, ביים ברעג, האט ער פלוצלונג דערהערט א רוף נאך הילף, וואס איז געקומען פונם נאענטן „דורכגאנג" אינם דערבייאיקן זומפ. צוגעצויגן פון די געשרייען, נאר נישט געאײלט, האט ער זיך געלאזט גײן אהינצו, און ווי ער האט נאר געווארפן א בליק אפן זומפ, האט ער א שפרונג געטון אף צוריק, און א פארציטערטער, האט ער אויסגעשריען:

— דער וואלף!.. דער וואלף!..

ער איז דאס טאקע געווען: דאס איז געווען דאן סטאניסלאא, וואס זײן פערד האט זיך פארסטראניעט אין דער זומפיקער בלאטע, איז אומגעפאלן און אים געהאלטן א צונעקלעמטן. מיט יעדן דרינגע מיט די פיס, מיט יעדער אנשטרײנגונג פונם פערד אופצושטעלן זיך, איז ער אלץ מער בעזונקען אין דער בלאטע. פונם גוטפאזיצער איז געבליבן אינדרויסן נאר דער קאפ זײנער, דער שרעקלעכער וואלפישער קאפ, וואס זײנע קײלעכדיקע, ארויסשפרינגענדיקע אויגן, פארלאפענע מיט בלוט, האבן פארצווייפלט געקוקט אפן יונג, און זײנע ליפן, מיט די גרויסע שטײפע וואנסעם האבן געציטערט אין קראמפן, שרײענדיק:

— לאז וויסן דעם „פועסטערא"!.. לאז וויסן דעם „פועסטערא"!..

נאר קאסמע, וואס האט אלץ געקוקט מיט זײנע אויסגעלאשענע אויגן אפן שרעקלעכן קאפ, האט זיך פון ארט נישט גערירט. פון צייט צו צייט, האט ער געטײטלט אהין מיט זײן אויסגעדארטן פינגער און אלץ געשריען:

— דער וואלף!.. דער וואלף!..

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צוצופאַלן די נאַכט. דאָס פערד איז שוין כמעט אינגאַנצן געווען פאַרשוואונדן אינם זומפּ — און עס האָט זיך בלויז אַרויסגעזען דער שוידערלעכער קאָפּ פונם גוטבאַזיצער, וואָס האָט געמאַכט פאַרצווייפלטע אָנשטריינגונגען צו האַלטן זיך פון אויבן איבערן זומפּיקן פלאַך.

זיין הייזעריקע שטימע, אָן אַן אָפּקלאַנג, האָט אַלץ געיאָמערט:

— „לאָז וויסן דעם „פּועסטעראַ״!.. לאָז וויסן דעם „פּועסטעראַ״!..

מיטאַמאָל איז שטיל געוואָרן. דער קאָפּ איז פאַרשוואונדן אונטער דער געדיכטער בלאָטע. דאַן האָט ק אַ ס מ ע, „דער אידיאָט״, זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג צום וואַכפּלאַץ, שרייענדיק מיט אַלץ וואַקסנדיקער שרעק:

— דער וואָלף!.. דער וואָלף!..



# מאַלאַקיאַס דער נאַר

אין דער „עסטאַנסיע" פּאַלמאַר, וואו מיר זיינען בײדע אויפגעצויגן געוואָרן, האָט מען מאַלאַקיאַס'ן, דער „פּעאָנאַס" זינדל, פון קליינ־וויי״ז אָן גערופן „דער נאַר".

מיר זיינען געווען ראוועסניקעס, געווען כמעט שטענדיק אינאיינעם, און איך קען מיר נישט דערקלערן פאַרוואָס מ'האָט אים מיטן נאָמען נ אַ ר געקרוינט.

אמת, ער איז געווען א „פּעטיסאָ", א פּוזאַטער, א קרומפיסיקער, א ברייטפּלייציקער, האָט געהאַט א לבנה־קיילעכדיקן פּנים, א פּלאַטשיקע נאָז, אויגעלעך פון א פליי, און די אונטערשטע ליפּ איז אים כמעט שטענדיק אראָפּגעהאָנגען א פּייכטע, אַזוי ווי די אונטערשטע מאָרדע ביי א קאַלב, נאָר־וואָס נאָכן זויגן. אמת, גיין פלעגט ער פּאַוואָלינקע און דערביי וויגן זיך אַף רעכטס און אַף לינקס, אַזוי ווי אַן אַלטע קאַטשקע. מ'קען נישט לייקענען: דאָס געלעכטערל זיינס איז געווען עפּעס מאָדנע אידיאָטיש — און לאַכן פלעגט ער כסדר — און זיין קול האָט געהאַט עפּעס א קאָמיש גראָבן סקריפּ. נאָר... אין מיינע אויגן איז ער שוין גאָר קיין נאַר נישט געווען, און איך האָב מיינע מאָטיוון געהאַט פאַר מיין באַזונדערער מיינונג.

מ'פלעגט אין דער „עסטאַנסיע" אַלע שבת מאַכן געבעקס און עס איז א מנהג געווען, אַז יעדער פון אונז זאָל א פרישן קוכן באַקומען. מ אַ ל אַ ק י־אַ ס, אַן אַכלער א גרויסער, פלעגט זיין קוכן אַראָפּשלינגען אין איין רגע און נאָכדעם צושטיין צו מיר, אַז איך זאָל אים געבן א חלק פון מיינעם; און איך האָב אַלעמאָל נאָכגעגעבן. נאָר איינמאָל, — צי דערפאַר, וואָס מיר האָט שוין דערעסן דעם דאָזיקן הלעיטני־ציינז צו צאָלן, צי ווייל איך אַליין האָב אפשר מער אַפּעטיט געהאַט, — האָב איך אים אָפּגעזאָגט: מער גיב

נאך איס קיין חלק נישט. דא האט ער זיך צוקוויטשעט, דער געמיינער יונג, אזויווי א חזיר, אז מ'קלעמט אים צו דעם עק, און אז מ'איז זיך צוזאמענ־געלאפן: דער טאטע מיינער, זיין מאמע און די פעאנעס, האט ער, כליפענ־דיק און שלוכצנדיק און מיט א קול פון א נאכגעלאזטן באס, אזא מעשה דערציילט:

— „פאטראנסיטא״... היפ! היפ! היפ!... ער׳ט אפגענומען... היפ! היפ! ט׳ביי מיר ארויסגעכאפט ד—דעם קוכן!..

אזויווי מיין קוכן איז נאך כמעט נישט אנגערירט געווען, האט מען אים געטרויט; דער טאטע מיינער האט ביי מיר פון דער האנט אים ארויס־געריסן און אים אפגעגעבן דעם אידיאט, און נאך דערצו מיר א פאר בוכצעס געשיינקט, מיך אנצולערנען, אז איך זאל נישט מיספרויכן מיט מיין שטאנד, מיט דעם, וואס איך בין דער זון פונם „פאטראן״.

ווען ער איז שוין געווארן א גרויסער בחור און גערעכנט זיך פאר א פעאן פונם גוט, האט ער כסדר זיך נאך דעם קאפ געבראכן אף נישט צו טון גארנישט, און ער האט זיין גרעניצלאזע פוילענצעריי אלעמאל באפרי־דיקט אזוי געשיקט, אז מ'האט קיינמאל אים גארנישט געקענט פארווארפן.

מ א ל א ק י א ס דער נאר—האט אמאל איינער א זאג געטון—איז אזוי ווי א הונט א פארזעעניש, וואס שטאמט פון אן אלטער שטוביקער צוויג, און וואס נאר פאר רחמנות גיט מען אים פרעסן.

די אנדערע האבן אבער דערווידערט מיט כעס: מ א ל א ק י א ס איז אלעמען נוצלעך. יעדן איינעם באדינט ער און, מישטיינס געזאגט, מיט וואס מען באלוינט אים. ער שטייט אוף אלע טאג דער ערשטער, מאכט פייער, ווארמט־אן וואסער, און ווארט זיי אפ מיט א גרייטער מאטע. און וואס האט זיי דאס געקאסט?... צוויי־דריי ציגארעטלעך א טאג!... צוויי־אדער דריי ציגארעטלעך יעדן איינעם... אזוי, אז דער קרומפיסיקער האט גע־פיפקעט דאפלט מער פונם גרעסטן „נגיד״ צווישן זיי. און בשעת אלע פלעגן צופרידענע און דאנקבארע, זיך אופזעצן אף די פערד, הויכנדיק אף די שטארע פינגער, אין די בראנדקאלטע ווינטערדיקע פרימארגנס, פלעגט ער איבערבלייבן אינדערווארם און זיך אויסציען מיטן בויך אראפ ביים טליענ־דיקן פייער, א סיעסטא מאכן.

אז די „פעאנעס״ זיינען צוריקגעקומען פון קאמפ, אויסגעמאטערטע,

דורכגענעצטע, ציטערנדיק פאר קעלט, האבן זיי שוין געטראפן אינמיטן „גאלפאן" א פייער צוליגט, הייסע וואסער, א גרייטע מאטע און כמעט א פארטיקן דעם „אסארא".

האבן זיי זייערע קליידער ביים פייער געטריקנט, און אין דער אייגע־נער צייט זיך די קישקעס דערוואַרעמט מיט א „ביטערער", זי „אראפגע־זעצט" נאכדעם מיט א שלוק „קאניע", געגעסן דעם „טשוראסקא" און צו פרידן געווען און דאנקבאר דעם דינסטווייליקן מאלאקיאסן.

אמת, געצאלט האבן זיי פאר דער „קאניע", נאר אף יעדענס חלק איז אויסגעקומען א קלייניקייט, און ס'האט יעדערער זיין שנעפסל געהאט: נישט מער, מאלאקיאס האט געטרונקען און געגעסן פאר צוויי, און גראד פון די בעסטע חלקים. נאר וויבאלד ס'זיינען אלע געווען צופרידן, האט קיינער נישט געהאט קיין טענות.

איינער א בחורל, א „אינדיא", עטוואס א קליגערער פון די חברים זיינע, האט זיך געפרואווט אמאל פראטעסטירן:

— מיט אט דעם נאר — האט ער געזאגט — איז די אייגענע מעשה וואס מיטן קינד פון דער גוטער שטיפמאמע. וואס האט אירס א בן־יחידל גע־האט און זיבן שטיפזין, און אלעמאל, ווען זי האט געבאקן ברויט, האט זי פאר יעדן שטיפקינד א קוכן געמאכט, נאר פאר איר בן־יחידל, גארנישט; דערנאכדעם אבער, פלעגט זי יעדן שטיפקינד צווינגען אפצוגעבן א האלבן קוכן דעם ארעמענקען, און דער ארעמענקער, נעבעך, האט גאנצע דריי קור־בנס אופגעפרעסן...

נאר די אנדערע זיינען אופגעטראגן געווארן פון די דאזיקע רייד און מ'האט אים געהייסן פארמאכן דעם פיסק, ווארום מ א ל א ק י א ס איז אין דער ווירקלעכקייט געווען פאר זיי א מין שלעכטע געוואוינהייט, א מין צולאזנקייט, און די אייגענע צולאזנקייטן פארטיידיקט מען תמיד, מען בארעכטיקט זיי, אדער מען באמיט זיך זיי צו בארעכטיקן.

* * *

א גרויסע איבערראשונג איז פאר מיר געווען, און אויך פאר אלע איבע־ריקע, ווען מ א ל א ק י א ס האט מיר איינמאל פלוצלונג א:געזאגט, אז ער קלייבט זיך צו פארלאזן אונז.

— און וואוהין וועסטו גיין?

— אין ערגעץ נישט.

— וואוהין?

— אין ערגעץ נישט, אַט אַזוי, זיך נאָר אַ ביסל פאַנאַנדערצושאַקלען, נישט מער... נאָר איכל אינגיכן קומען צוריק...

וואוהין האָט ער געקענט גיין און וואָס האָט ער זיך געקליבן צו טון, דער שלימאַזל?

ס'איז מיר נישט געלונגען אים אָפּצורײַדן פון זײַן אָפּזיכט, און אין אַ שײנעם טאָג האָט ער אונז טאַקע פאַרלאָזט. ער האָט געהאַט זײַנע אײגע־נע דרײַ פערדה, פון דרײַ לאַשיקלעך, וואָס מ'האָט אים געשײנקט און וואָס ער האָט זײ ,,גוואַטשאַס'' אויסגעכאַוועט. האָט ער אײנעם פון זײ אָנגע־זאָטלט און מיט צוויי פולע ,,מאַלעטאַס'' באַלאָדן, דעם צווייטן גענומען בײַ דער זײַט, דעם דריטן געלאָזט נאָכגיין פונהינטן און איז אַוועק.

עס זײַנען פאַרבײַ חדשים און ס'זײַנען יאָרן פאַרבײַ, און מיר האָבן קיין שום ידיעה פון אים נישט געהאַט. פונדעסטוועגן, האָט מען אָן אים נישט פאַרגעסן; נאָר עפּעס אַ צרה, האָט מען זײַן נאָמען דערמאָנט, און דערבײַ האָט מען אים תמיד באַדויערט:

אָרימער נאָר מ אַ ל אַ ק י אַ ס!..

אײנמאָל, ווען מיר האָבן אים אַמווינציקסטן דערוואַרט, האָט ער זיך פּלוצלונג אין דער ,,עסטאַנסיע'' באַוויזן.

ער איז אַף אַ האָר נישט געווען פאַרענדערט, אפשר אַביסל דיקער און גלאַנציקער געוואָרן, נאָר זײַן קײלעכדיק פּנים, זײַן פּלאַטשיקע נאָז, זײַנע אויגעלעך פון אַ פליי און זײַן גראָבע, נאָכגעהאַנגענע און פײַכטע ליפּ, אַזוי ווי די אונטערשטע מאָרדע פון אַ קאַלב נאָרוואָס נאָכן זויגן, זײַנען געווען די אײגענע וואָס אַמאָל.

אַלע האָבן מיר זיך שטאַרק דערפרײט איבער אים. איך האָב אים אַ פרעג געטון:

— פון וואַנען קומסטו דאָס, דו טויגעניכטס?

— פון ערגעץ נישט — האָט ער סתם אַזוי אַ זאָג געטון, און מ'האָט בשום אופן בײַ אים נישט געקענט זיך דערפרעגן, וואו ער איז געווען און וואָס ער האָט געטון אין משך פון די פינף יאָר, זינט ער האָט אונז פאַר־לאָזט.

איינמאָל, אין אַ רגע, וואָס כ' זיינען ביידע געבליבן אַליין, האָט ער מיר איינגערוימט אַ סוד:

— „פּאַטראָן", איר וואָלט מיר געקענט אַ טובה טון.

— לאָמיר זען.

— אייער שכן, ד אָ ן ג אַ ר ס י אַ האָט צו פֿאַרדינגען אַ „קאָמפּיטאַ" פֿון אַ טויזנט „קוואַדרעס"... איז, ווען איר זאָלט מיר געבן די גאַראַנטיע...

— ווי? — האָב איך שטאַרק פֿאַרחידושט אים געפֿרעגט. — וואָס־זשע וועסטו טון אויפֿן קאַמפּ?

אָט, האָדעווען שאָף.

— און די שאָף?

— כ'האָב שוין געמאַכט אַ געשעפֿט.

איך האָב דאָס געהאַט אָנגענומען פֿאַר אַ שפּאַס, נאָר אַז מ אַ ל אַ־ ק י אַ ס איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו מיר, בין איך אַוועק צום שכן און גע־דונגען פֿאַר אים די „פּאַטרערע". ווען דער שלימאַזלדיקער גולם האָט שוין אין האַנט געהאַט דעם קאָנטראַקט — אַ פּשוט שטיקל פּאַפּיר, נאָכן מנהג נאָך פֿון יענער צייט — האָט ער, שווייגנדיק און געהיימניספֿול, אָנגעזאַ־טלט זיין פֿערד, אויפֿגעזעצט זיך, און אַוועקגעריטן.

ער האָט געוואוסט, אַז דער אַנדערער שכן מיינער האָט צופֿיל שאָף אויף זיין קאַמפּ און אַז ער זוכט דעריבער אַ ביסל צו פֿאַרקויפֿן. איז ער דאָס צו אים אַוועק, דעם אַרענדע־קאָנטראַקט אים געוויזן, און געזאָגט:

— איר זעט, ד אָ ן ב ר ו נ אָ, כ'האָב אָט דעם קאַמפּ אין אַרענדע גענומען און וואָלט מיך וועלן באַזעצן אויף אים, און אַזוי ווי איך ווייס, אַז איר האָט צופֿיל שאָף...

— ווילסטו ביי מיר אַ ביסל אָפּקויפֿן? — איז דער „עסטאַנסיערא" נייגעריק געוואָרן.

— קויפֿן — דאָס נישט; ניין, מיין הער, דאָס קען איך נישט. נאָר אויב איר וואָלט מיר געגעבן אויף שותפֿות, די וואָל און דעם צואוואוקס אויף גלייכע חלקים...

האָט זיך גוט אָנגעלאַכט ד אָ ן ב ר ו נ אָ — געווען אַ וואוילער אַל־טיטשקער „פּאַיסאַנאָ" — נאָר לסוף איז ער איינגעגאַנגען אויף דעם עסק, און שפּעטער מיט אַ וואָך האָט מען געזען, ווי מ אַ ל אַ ק י אַ ס טרייבט

שוין א פאר טויזנט שאף אף ,,זיין'' קאמפ ארוף, און אזוי ווי א ראנטשע איז שוין דארט געווען, און א ,,קאראל'' אויכעט, האט ער זיך טאקע תיכף באזעצט, מעשה באלעבאס.

אט אזוי איז מ א ל א ק י א ס דער נאר, אן א סענט געלט, א פיציכמער געווארן, מיט א קאמפ און מיט טשערעדעס שאף. נאר זיין ברייהשאפט האט זיך מיט דעם נאך נישט געענדיקט. איך האב געהאט א פעאן — ס א נ ט י א ג א, איז ער געווען אן ארבעטער, פון אלע דער בעסטער, נאר א גולם — פון אלע גולמ'ס דער גרעסטער. האט מ א ל א ק י א ס אים איינמאל צו זיך אין ראנטשע פארשלעפט, מכבד געווען אים מיט מאטע און מיט ,,קאניע" און פארפירט א שמועס:

— הערסט, סאנטיאגא, ס'וועט פון דיר קיינמאל גארנישט ווערן, וועסט קיינמאל פונם דלות נישט ארויס, בלייבנדיק אן אייביקער פעאן, הארעוועדיק שטענדיק אף יענעם.

— דאס איז אמת — האט ס א נ ט י א ג א טרויעריק געענטפערט; און דער נייער לאנדווירט האט ווייטער גערעדט:

— איך וואלט דיר וועלן ארויסהעלפן. דו קענסט בלייבן ביי מיר... כ'זאג דיר נישט צו קיין געהאלט, דערווייל. נאר וואס־זשע דען, איך גיב דיר האלב פון דער העלפט, וואס מירן פארדינען, און אויב דו האסט נאר חשק, קענסטו אויך א טשאקרע מיט מאיס פארזייען... פונדערהעלפט, נא־טירלעך.

יענער איז טיף גערירט געווען פונם אנבאט, און האט אים גערן אנגענומען.

* * *

ס א נ ט י א ג א האט די שאף געפיטערט, די ,,אלאמבראדאס'' פאריכט, פלייש פארגרייט, די קי געמאלקן, האלץ געהאקט און די טשאקרע באארבעט, און מ א ל א ק י א ס ,,דער נאר''. דער ,,פאטראן'', נישט האבנדיק קיין שום ארבעט, חוץ דער קיך, האט געפרעסן צוזעצטערהייט, מאטע געטרונקען, קאניע געזויפט און כסדר געפאפן, אזוי ווי אן אלטער הונט, און וואס אמאל איז ער אלץ דיקער און גלאנציקער געווארן.

און מ'האט אים נאך אלץ גערופן ,,מאלאקיאס דער נאר''.



# באַדייטונג פון די פרעמדע ווערטער

## א

**אַגואַראַסן** — אמעריקאַנער פוקסן.

**אַגרעגאַדאָס,אַס** — „צוגעקומענע“: פאַכטער.

**„אוטאָרידאַ“** — אויטאָריטעט, מאַכט.

**אָוועראָ** — געפינטלטער פערד (טונקל און ווייס).

**„אַי ד׳אַי“** — איז וואָס־זשע? און דעריבער?

**„אילעסיאָנעס“** — וואַלן.

**אַלאַמברע** — דראָט.

**אַלאַמבראַדאָ** — דראָטענער פלויט.

**אַלפאַרגאַטן** — ברעזענטענע שיכלעך מיט שטריקענע זוילן.

**אַלמאַסען** — סקלאַד, שפּייז־קראָם.

**אַלקאַלדע** — דאָרפס־ריכטער.

**אַסאַדאָ, „אַסאַאָ“** — געבראָטן פלייש.

**אַסאַדאָ קאָן קועראָ** — פלייש געבראָטן מיט דער פעל.

**אָמבו** — א גרויסער צוצווייגטער בוים, וואָס וואַקסט אין איניקע זיד־אמעריקאַנער לענדער.

**אַמיגאָ** — פריינט, גוטער ברודער.

**אַפּאָזשע(אָ)** — די מילך וואָס ווערט אויסגעמאָלקן נאָכדעם ווי דאָס קעלבל זויגט־אָפּ צום צווייטן מאָל.

## ב

**באַגואַל** — ווילדער, אומגעצוימטער פערד.

**באַילע** — באַל, טאַנץ.

**באָלעאַדאָרן (אַס)** — א מין כלי־זיין צו פאַנגען בהמות און שטרויספויגלען, וואָס באַשטייט פון צוויי־דריי קוילן אָדער שטיינער אנגעטשעפּעטע אף ריימענס אָדער שפּאַגאַטן.

**באָמבאַטשעס** — ברייטע הויזן פארשפּילעט אונטן ארום פוס.

**באָמביזשע (א)** — א מעטאַלן רערל דורך וועלכער מען זופּט די מאַטע.

**„באַקאַראַי״** — אַ לעבעדיק קעלבל, אַרויסגענומען פון אַ געקוילעטער קו. (בן־פקועה).

### ג.

**גאַביערנאַ** — רעגירונג

**גאַוטש (אַ)** — באַוואוינער פון די אַרגענטינער און אורוגוואיער פּאַמפּאַס.

**גאַלפּאַן** — שפּייכלער, שטאַל.

**גואַפאַ** — בראַוו, פלינק, ספּריטנע.

**גוואַטשאַ** — אַ בהמה אָדער פויגל וואָס ווערט געהאָדעוועט אָן אַ מוטער; אַ יתום, אַ בראַדיאַגע.

**גרינגאַ** — גרינער, פרעמדער.

**גרינגעריאַס**—„גרינע שטיק״, אומפאַרשטענדלעכע רייד.

### ד.

**דאָמאַדאָר** — צוימער פון ווילדן סקאָט.

**דאָן** — הער (ווערט געברויכט פאַרן ערשטן נאָמען).

**דאָניאַ** — הארנטע (אויך פאַרן נאָמען).

**דעסימאָס** — צען־שורה׳דיקע געווייסער מין פאָלקס־דיכטונג, ראָמאַנסן.

### ה.

**האָרנעראָס** — פויגלען פון אַ פּופּצן סענטימעטער די לענג, ברוינע, מיט ווייסע העלזער און רויטלעכע עקן, וואָס צייכנען זיך אויס מיט זייערע זעלטן־קונציקע נעסטן פון בלאָטע, אין דער פאָרם פון אויוונס, און פון דעם שטאַמט זייער נאָמען האָרנעראָ (מוליער).

### וו.

**וואַמאָס** — (מיר גייען, מיר פאָרן) שנעל, געשווינד.

**וואַראָס** — איילן, (שפּאַנישע מאָס).

**וויסקאַטשע (אַ)** — אַמעריק. קראָליק.

**ווידאַראַ** — אַזאַ בוים.

**ווענדאַ** — (פּאָרטוגעז.) געשפּטהויז.

**ווענטעוועאָס** — פויגלען פון אַ פערטעל מעטער די לענג, מיט ברוינע רוקענס, געלע ברוד־

סטלעד אין עקן, מיט א ווייסן פלעק אפן קעפל.

ז.

**זשאַקאַרעסן** — אמעריקאנער קראַקאַדילן.

**זשעגווע (גוּאַ)** — שקאַפּע.

**זשערבע** — צוריבענע בלעטער פון מאַטע־בוימער, (פּאַראַגוואַיער טיי).

ט.

**טאַבע (אַ)** — שפּרינגבייז: אַזאַ שפּיל, וואָס באַשטייט אין ווארפן דעם ביין אין דער לופטן, פאַלט ער מיטן אויסגעהוילטן זייט אַף אַרוּף געווינט מען, אין קעגנטייל, פאַרשפּילט מען.

**„טאַטיטאַ"** — טאַטעניו.

**טאַראַרירע** — אַ זייער באַווען־לעכער גרויסער טייך־פיש.

**טאַרדיזשאַ** — אַ טונקל־סיוועך פערד.

**טוביאַנאַ** — אַ געפּלעקטער פערד.

**טערוטעראַ** — אסאַרט־הויבּ־פיסיקער פויגל.

**טראַכעס** — אנצוגן.

**טראַפּיזשע** — טאַבון.

**טראַפּעראַ** — פּי־טרייבער; פּי־סוחר.

**טרוקאַ** — אַ סאָרט קאָרטן־שפּיל.

**טשאַבאַ** — אַ גרויסער אַש־גראָער פויגל, וואָס האַלט זיך אוף אין זומפּן און ביים וואַסער.

**טשאַקלע (אַ)** — קוקורוזע.

**טשאַקרע (אַ)** — קליינע פעלדווירטשאַפט.

**טשאַקאַרעראַ** — לאַנדווירט, אַקערבויער.

**טשאַקאַריטאַס** — דאַפּס־מיידלעך.

**טשוראַסקאַ** — פלייש געבראַטן אַף צוגליטע קוילן.

**טשימאַנגאַ** — אַ מין רויב־פויגל.

**טשינאַ** — פּראַסטע דאָרפס־מיידל.

**טשיניטאַ** — ד. ז. ליבלעך, פאַרצערטלט.

**טשינטשולינעס** — דינע קישקעלעך.

**טשיריפּאַ** — אַ טוך וואָס

הילט איין דעם אונטערשטן
טייל קערפּער ביז די קני.

**טשורינטשע** — א מין קאַר־
דינאַל (פויגל)

**טשע** — אויסרוף־וואָרט. ווערט
באַנוצט אַלס ווענדונג אָדער
צורוף צווישן פּערזאָנען וואָס
דוצן זיך.

כ.

**כועז** — ריכטער.

**כינעבראַ** — א סאָרט שאַרפער
ליקער.

ל.

**לאַסע (אַ)** — א שטריק מיט
א פּעטליע.

**לאַקראַ** — פּאַפּשויעס מיט
פלייש.

**לעגוועס** — מיילן (פינף קילאָ־
מעטער).

**לעטשוסע (אַ)** — סאָווע.

מ.

**מאַדיניאַס** — בראַזילער
פאָלקס־ראָמאַנסן.

**מאַדרינאַ** — טויפמוטער.

**מאַטונגאַס** — פּאַדלעס (פערד)

**מאַטע** — דאָס קירבעסל אָדער
אַן ענלעכע כלי, וואָס מען שיט
אַן מיט זשערבע און אַף דעם
גיסט מען וואַסער, וואָס מען
זופּט דורך דער באָמביזשע,
נאָך דער ריי נאָך. מען טרינקט
א זיסע מאַטע (מיט צוקער)
און א ביטערע (אָן צוקער).

**מאַטשאָ** — אַן ע ר; זכר,
מאַנסביל, א פּעסטנעבויטער
און שטאַרקער מענטש.

**מאַטשעטע** — זעבל.

**מאַלעטע (אַ)** — א בינטל,
א טאָרבע.

**מאַנדירט** — קאָמענדעוועט,
געהערשט.

**מאַנסיט** — רואיק, שטיל,
דרעסירט.

**מאַנסירן** — אויסדרעסירן.

**מאַנעאַדאָר** — א פּענטע־
שטריק.

**מאַקאַטשין** — א סאָרט גע־
וויקס מיט זיסע עסבארע וואָר־
צלען.

**מאַראַ** — א בלוילעך שוואַר־
צער פערד.

**מאַראַטשאַ** — א ברונעטן.

**מאַרקע** — א צייכען, אפּגע־
שטעמפּעלט מיט אן אנגעגליטן
אייזן אף בהמות און פערד.

**מאַרקירן** (סקאַט) — אויסברע־
נען א צייכן מיט אן אנגעגליטן
אייזערנעם שטעמפּל.

**מולטע** — געלט־שטראַף.

**מיליקאָס** — סאָלדאַטן, מיליצ־
ליט, פּאָליציסטן.

### נ.

**נאָ** — ניין.

**ניאַנדו** — אמעריק. שטרויס־
פויגל.

### ס.

**סאַביאַ** — א מין דראָזד (פויגל)

**סאַינאַ** — א קאַשטאַנעווער
פערד.

**„סאַנטיטאָ"** — הייליקער.

**סאַרכענטאָ** — סערזשאַנט.

**סי** — יאָ.

**סינטשע** — א רימענער גורט,
מיט וועלכן מען באַפעסטיקט
דעם זאָטל אפן פערד.

**סיעסטאַ** — מיטאָג־רו; **מאַכן**
**א סיעסטאַ** — זיך צולייגן
אפּרוען, כאַפּן א דרעמל.

**סעגונדאָ** — צווייטער, געהילף.

**סעניאָר** — הער (באַנוצט פאַרן
פאַמיליענאָמען)

### ע.

**„עמפּליאַאָ"** — אנגעשטעל־
טער, באַאַמטער.

**ענטרעריאַנאָ** — פון ענטרע־
ריאָס (ארג. פּראָווינץ).

**עסטאַנסיע (אָ)** — א גוט,
מאַיאָנטעק.

**עסטאַנסיעראָ** — גוטבאַזי־
צער.

### פּ.

**פּאַדרינאָ** — טויפפּאַטער.

**פּאַטראָ** — לאַשיק.

**פּאַטראָן** — באַלעבאָס; **סיטי:**
— דאָס אייגענע, פאַרצערטל־

**פּאַטריאָ** — פאַטערלאַנד.

**פּאַטרערע (אָ)** — פּיטער־
לאַנקע.

**פּאַיסאַנאָ** — לאַנדסמאַן.

**„פּאָלעסיאַ"** — פּאָליציי.

**פּאַמפּאַ** — סטעפּ.

**פּאַמפּעראָ** — שטורמווינט פֿון פּאַמפּאַ.

**פּאַנגאַרע** — אַ געלבלעכער פֿערד.

**פּאָנטשע (אָ)** — אַ מין שאַל וואָס דינט אויך אַלס אויבער־מאַנטל.

**פּאָסט** — סלופּ.

**פּוטשאַ** — פּאַרוואונדערונגס־אויסרוף.

**פּוטשעראָ** — געקאָכט פֿלייש, טאָג - טעגלעכע אויסקומעניש, חיונה.

**פּועסטעראָ** — פּי־אָופּזעער אָדער וועכטער.

**פּינגאָ** — אַ שנעלער רייטפֿערד.

**פּיקאַסאָ** — אַ ראַבער פֿערד.

**פּידינטשאָ** — אַ געלער פֿויגל, באַשפּרינקלט מיט שוואַרצע פֿלעקן, פֿון אַ דרייסיק סענטי־מעטער די לײַנג מיט אַ שיטע־רן, צושוויבערטן בינטל פֿעדערן אויפֿן קעפּל.

**פּעאָן** — דינער, טאַגלוינער;

**— עס** — ד. ז. אין מערצאָל;

**— אַס** — דינסטן.

**פּעטיסאָ, אַ** — קליינוואוקסי־קער, קליינוואוקסיקע.

**פּעלודאָ** — ערד־חזירל; אַ שיכור.

**פּראָקוראַדאָר** — אַ „מאַכער" אין געריכט.

**פּראָסער** — גרויסער יחסן.

פֿ.

**פֿאַקאָן** — אַ קינזשאַל.

**פֿאַריניאַ** — מעל פֿון מאַנדיאָ־קאַ (אַזאַ פֿלאַנץ): נאַציאָנ. מאכל אין בראַזיל.

**פֿאַרלאַסידען** — פֿאַרוואַרפֿן די לאַסע.

**פֿעיזשוואַדאַ** — אַ געריכט פֿון גרינעם באַב: נאַצ. בראַזיל. מאכל.

ק.

**„קאַבו" (אָ)** — ערשטער הע־כערער ראַנג פֿון אַ סאָלדאַט.

**קאַאודיזשאָ** — הויפּטמאַן, אַנפֿירער.

**קאָטרע** — אַ שער־בעטל.

**קאָמאַדרע** — הייבאַם, קוואַ־טערן, נאָענטע שכנה.

**קאָמאַדרעכע (אַ)** וויזלטיר.

**קאַמאַלאָטן** — אַ סאָרט וואַ־סערפלאַנצן מיט ברייטע בלע־טער.

**קאָמיסאַר** — עלצטער פון פּאָ־ליציי - הויז.

**קאָמיסאַריע** — פּאָליציי־הויז.

**קאַמיסעטע** — אַ לייבל, אַ העמדל.

**קאַמפּ** — אַ פעלד —**יטאָ**— אַ קליין פעלד.

**קאָמפּאַדרע** — קוואַטער, גו־טער ברודער, אַ באַרימער, אַ פּוסטער פּראַנט.

**קאַנהינאַ**—בראָנפן פון צוקער־ראָר (אין בראַזיל).

**קאַניע (אַ)** ד. ז. אין שפּאַניש.

**קאַנעכאָ!** — אויסרוף פון פאַרדרוס.

**קאַסטעלאַרישע** — לויטן סטיל פון קאַסטעלאַר (באַוואוס־טער שפּאַנישער רעדנער און שטאַטסמאַן).

**קאַפּאַטאַז** — אופזועער.

**קאַציקע** — עלצטער ביי די אינדיאַנער.

**קאָראַל** — אַן ארומגעצוימט פּלאַץ פאַר סקאָט.

**קאַראַנטשאָ** — אַ סאָרט רויבפויגל פון א 70 סענטימע־טער די לייגג, וואָס שפּייזט זיך הויפּטזעכלעך מיט נבלה.

**קאַרדאָם** — בערלעך.

**קאָרענטינאָ** — פון קאָריענ־טעס (ארגענט. פּראָווינץ).

**קאַרערע (אַ)** — פערדלויף.

**קאַרפּינטשאָ** — אַ סאָרט אמ־פיבישע חיה, (וואָס לעבט אין וואַסער און אף דער יבשה) ענ־לעך צו אַ חזיר, פון אַ מעטער די ליינג און וואָס וועגט ביז 150 קילאָ.

**קאַשאַסאַ** — אַ סאָרט געמיי־נער בראָנפן (אין בראַזיל).

**קוראַנדעראָ** — אַ רופא.

**,,קוניאַטאַאי״** — אַ מיידל (אַף גוואַראַני).

**קריאָזשאָ** — קרעאָל: אַרטיק איינגעבוירענער.

ר.

**ראָדעאָ** — צונויפזאַמלונג פונם סקאָט אַף אַ פּאַוויערקע. אויב איינער מיינט, אַז בהמות פון זיין ,,מאַרקע״ געפינען זיך ביים שכן אין קאַמפּ, בעט ער אַ ,,ראָדעאָ״ און יענער גיט אים.

**ראַמעס** — צווייגן.

**ראַנטשע (אָ)** — אַ הייזקע.

**ראָסיזשאָ** — אַ העל - רויטער פערד.

**רעוועקנע** — אַראַפּניק, אַ קורץ בייטשל.

**רוביאָ** — אַ בלאָנדער.

